ה. בלאָשטיין

# איך בין יונג

## לידער און פּאָעמעס

מעלוכע־פארלאג פאר די נאציאָ־
נאלע מינדערהײַטן אין אוסר״ר

כארקאָוו 1934 קיִעוו

פאראנטוואָרטלעכער רעדאקטער אי. סו־
דארסקי. קינסטלערישער רעדאקטער
כ. ליומקיס. אײַנבונד, פאָרזאצ אונ סו־
פער—אי. פלעשטשינסקי. פאפיר 82X110
סמ. 32|1—60 קג. 14 דרוק־בויגנ. אינ
איינ פאפיר־בויגנ 140 ט. ב. טיראזש
1800 עקז. באשט. 1573. געדרוקט אינ
3־טער דרוקערײַ אופ״ט, בערדיטשעוו.
הויפטליט נומ. 640. שטאָטליט. נומ. 570
אָפגעגעבנ אינ זאצ 19|II, אונטערגעשיבנ
צום דרוק 28|VII 1934.

# אין מײַן טאטנס הויז

אין אונדזער הויז בין איך געווען דער עלפטער —
מײַן טאטנס לעצטע גרויסע ציטערדיקע פרייד.
נאָר פון די צען עס האָבן שוין קוים צוויי
באגריסט מײַן אָנקומען מיט שטילער פרייד,
מיט שמייכל קרענקלעכן אף בלייכע ליפּן,
מיט שטילן פײַערל אין גרויסע, אויסגעבענקטע אויגן,
מיט ציטער אין די אויסגעדארטע הענטלעך, פיסלעך.
און איך בין נאָך קיין פינף יאָר ניט אלט געווען,
ווען ס'זײַנען אויך די לעצטע צוויי
פון אונדזער הויז אוועק —
צו יענע שוועסטערלעך און ברידערלעך,
וואָס איך האָב קיינמאָל ניט געקענט!

גלײַך ווי א טכויר אין ניט־באשיצטן הינער־שטײַג,
האָט שווינדזוכט אײַנגענאדזשעט זיך צו אונדז אין הויז,
אין הויז אין פינצטערן,
אָנזוניקן,
אָנברויטיקן,
און אויסגעזויגט דאָס בלוט פון אונדזערע אויפעלעך,
די בלאָנדע, שווארצע קעפּעלעך אראָפּגעדרייט
און צו דער ערד געוואָרפן זיי נאָך ווארעמע
מיט אויגן ברייט־צעעפנטע, פארוואונדערטע...

די קנאָספּן ניט־צעבליטע נאָך
פֿון אונדזער בוים אראָפּגעדרייט —
און פֿינצטער איז געווען אין אונדזער הויז,
און אין די וויסטע שוואַרצע נ ַכט
האָט אומגעבלאָנדזשעט אין דער וויסטעניש בא אונדז
אַ קינדיש שטיל געוויין אזא,
אַן אומענדלעך געוויין.
מאַמע איז געזעסן אפֿ איר בעט דורך נעכט
און יאָמערדיק מיט אירע אויפֿעלעך
די אומגעזעענע,
די שלוכצנדיקע אויפֿעלעך, גערעדט,
און טאטעס פֿינגער האָבן שטום אין פּײַן געקנאַקט,
און טאטע האָט געגרויט, געגרויט.

נאָר איך אליין—
מײַן טאטנס לעצטער זון—
אין מײַנע אָדערן דאָס בלוט איז ריין פֿון טויט געווען,
קיין שוואַרצע קערנדלעך אין רויטקייַט ניט געווען.
און כ'בין געוואַקסן פֿריש און שטאַרק,
און מײַן געלעכטער,
פֿרײַ, און הויך, און העל
געקלונגען האָט אזוי מעשונעדיק אין אונדזער הויז
צווישן אומענדלעכן קינדערשן געוויין.
און ס'פֿלעג די מאַמע זיך צעלאַכן אינעם קרײַז
פֿון צען אראָפּגעדרייטע שיינע קעפּ,
און טאטע פֿלעג מיט אימפּעט אָן א שיר
זײַן שנײַדערשע מאַשין א יאָג טון אין געדריי
און זינגען עפּעס הויך—
ווי וועלנדיק ארויסשרײַען זײַן לעצטע גרויסע פֿרייד,
ווי וועלנדיק פֿאַרשרײַען הויך דאָס קראַקען פֿון זײַן שרעק,
וואָס האָט זיך, ווי א ראָב,
געדרייט ארום זײַן פֿרייד.

אזוי האָט זיך אין פרייד און טרויער־פלאָנטער
צעבליט אַף אונדזער וויסט־ארומגעהאקטן בוים
דער קנאָספּ פון מײַן געלאָקטן שווארצן קאָפּ.
און איינמאָל אין א מילד־פארבלויטער נאכט
(מײַן צוועלפטער פרילינג האָט געשפּילט זיך דאן מיט מיר)
האָב איך אין שטײַגל פון מײַן הארץ
א וואונדערלעכן פויגל זינגענדיק דערהערט.
ער האָט געזונגען בענקעניש און פרייד,
און עפּעס האָט אין מיר געצאפּלט אזוי זיס,
און עפּעס האָט אין מיר געציטערט אזוי באנג —
דאָס איז מײַן ערשטלינג־ליד געווען!
נאָר ניט דערזונגען האָב איך דאן דאָס ליד:
עס האָט זיך אָפּגעפּליקט מיט א פארקלעמט געשריי —
אראָפּגעפאלן איז דער טאטע פון זײַן בענקל באַם מאשין
מיט א פארשטיקטן קלאפּ:
ס'האָט דאכקעס יאָרנלאנג אים שוין געשטיקט.
און גראָד אין יענער נאכט
דערשטיקט בא זײַן מאשין!
אזוי פארבליבן איז מײַן ערשטלינג־ליד פון פרייד
מיט א פארשטיקט געשריי אין האלדז,
און מײַנע קינדער-באקן האָבן זיך געבלייכט,
און מײַן געלעכטער האָט פארלאָשן זיך אַף לאנג,
און כ'בין געוואקסן שוין, ווי א געפלאנץ אָן ליכט.

———

ס'פלעג אָפּט די נויט א כאפּ טון אונדז באַם האלדז
און ווארגן אונדז מיט קאלטע בײנערדיקע פינגער, —
כאָטש נעמט און ציט אײַך אויס און שטעקט ארויס די צינגער,
ניטאָ קיין ביסנס ברויט צום וואסער און צום זאלץ!
אין ווינקל די מאשין די שנײַדערשע פארדעקט
אריבער קאָפּ מיט אלטער שווארצער שמאטע,
און ס'קוקט ניט אין איר זײַט מײַן הונגעריקער טאטע,
ווײַל אונדזער פרייד ליגט טויט דאָרט אויסגעשטרעקט...

און מאמע שווײַגט, און אירע אָדערדיקע הענט
פארצירעוועג א פּאָר צעפּאלדיקע זאָקנ.
אָ, מאמע, איכ געדענק, ווי דו האָסט זיכ געשראָקנ
צו קוקנ אינ מײַנ בליק, ווי הונגער האָט געברענט!

און איינמאָל אינ א פרילינגשנ פארנאכט
(כ'בינ אלט געווענ צענ יאָר) בינ איכ באַם שויב געזעסנ.
א הונט אפּ אונדזער הויפ האָט ווײַסנ ברויט געפרעסנ,
דעמ רײַכנ שאָכנס הונט. וואָס האָב איכ דאנ געטראכט?—

כ'געדענק שוינ ניט. נאָר, ווי א בליצ, בינ איכ ארויס
און א פארצווייפלטער געוואָרפנ זיכ אפּ זשוקנ — — —
ס'איז ניט געלונגענ מיר דאָס ברויט־שטיק צו פארצוקנ,
און א צעבלוטיקטער בינ איכ ארײַנ אינ הויז.

און טאטע האָט זײַנ זונס קאוואָנע ניט געוווּסט:
—„עס ליגט נאָכ דיר אינ קאָפּ נאָכ הינט זיכ איצט צו יאָגנ!"
און האָט געוואָלט אפּ מיר זיכ ווארפנ שלאָגנ,
און זיכ דערבײַ ביז שווארצנ בלוט פארהוסט. — —

און כ'האָב געוויינט פאר הונגער, און פאר ווײ— פארבײַ,
און אונדזער ברויט־מעסער דערבײַ געלעגנ איז פארזשאווערט.
און ס'האָט מיר אלצ געדוכט, ער מורמלט, ווי א כאווער:
—אזא שטיק ברויט! כ'וואָלט צעשניטנ עס אפּדרײַ! — —

# מוישע־וואָלף דער בונטאר.

(מײַנ טאטנס פּאָרטרעט)

1

ס'האָט זיך היַינט מיר דערמאָנט (כ'ווייס אלייננ ניט פארוואָס)
מײַנ פּיצעלע שטעטל אינ ליטווישנ וואלד.
...ס'איז גרויער באטאָג אונ א ביטערער פראָסט,
אונ א שטעכיקער ווײַסינקער זעמדעלע פאלט...

איך וועל אָנהייבנ גלײַך פונ מײַנ אָרעמענ „העלד"
(וואָס ער רוט שוינ אינ ערד פונעם ליטווישנ טאָל!)
אונ דערציילנ דעמ קאמפּ פונ א מענטש מיט דער וועלט!
א שנײַדער געווענ איז מײַנ העלד מוישע-וואָלף.

א דאָרפישער שנײַדער, א פּראָסטער ביז גאָר,
געהאָרעוועט פיל אונ געהונגערט נאָך מער,
צו פערציק—אינגאנצנ שוינ זילבער די האָר,
צו פופציק—צעבראָכנ, אונ ס'גייט זיך שוינ שווער...

דאָס ווײַב—ווי א דאָרנ, צעקרימט אונ צעדארט,
די קינדער—מיט הענטלעך אונ פיסלעך, ווי שטרוי,

דאָס שטיבל—קוים ס'שטייט זיך מיט שטאנגען געשפּאַרט
און ציט צו דער ערד זיך, פאַרמאַטערט אַזוי.

און ס'גיסט זיך די כוואַליע די מוטנע פון צאַר
אַריבער דעם קאָפּ פון מײַן אָרעמען העלד!—
נאָר ס'איז אָט דער מענטש דאָך געווען אַ בונטאַר
און אײביק געפירט אַ מילכאָמע מיט וועלט.

געווען איז דער פּראָנט—אין דער „יאַטקעווער קלויז",
פאַר שלישי און שישי געבּרענט האָט דער שטרײַט,—
מײַן העלד האָט געקריגט זיך, פאַרוואָס ס'כאַפּן אויך
די בעסטע אַליִעס די רײַכערע לײַט...

און ערגער פון אַלץ—אָט דער שטעכיקער בליק,
וואָס שמייכלט אַזוי—„דו קריכסט אויך, שנײַדערוק?"
און ס'ענטפערט זיי אַפּ מוישע-וואָלף אַפּ צוריק:
—„איר מיינט, אַז מ'איז רײַך, איז מען אויכעט שוין קלוג?"

און מאַכט מוישע־וואָלף ווען פאַר צאָרעס אַ קאָס
און קומט שוין אין קלויז מיט אַ צעבונדענער צונג,
צעגיסט זיך זײַן פּײַן, ווי גאַליקער גאָס,
און „מיזרעכ־וואַנט" כאַפּט שוין אַרײַן פון זײַן טרונק!

פאַרקלעמט ער די ביינִיקע האַנט אין אַ פויסט
און קלאַפּט זיך אין האַרצן און ציטערט און שרײַט:
—„היי־גאָלדענע געצן, וואַרט אויס נאָר, וואַרט אויס,
ס'וועט קומען אַמאָל אויך פאַר אונדז נאָך אַ צײַט!"

אַפּ וואָס פאַר אַ צײַט האָט געוואַרט מוישע־וואָלף?—
אַפּ אַן אייגענער קלויז, אַפּ אַן אייגענעם ראָוו?
צי האָט ער געטרוימט, ווי אַן עלנטער וואָלף,
פון רויִקע טעג מיט אכילע און שלאָף?

צי עפשער דערפון, ווי, ווען ער האָט די מאכט,
וואָלט ער בא די גווירים די בײנדלעך געטאפּט?—
ווער ווייסט, וואָס עס האָט אָט דער שנײַדער געטראכט,
ווען ער האָט אין הארץ זיך אין דארן געקלאפּט.

און אײנמאָל געדענק איך (ס׳איז דעמאָלט געווען
דאָס יאָר נײַנצן הונדערט און פינף אפ דער וועלט)—
און שטעטל פארציטערט האָט פּלוצלינג דערזען
אין געסל א מאכנע, פון יוגנט באהעלט,

מארשירט מיט א פאָנע א רויטער און שאלט,
און רופט צו מערידע—אראָפּ מיטן צאר!
און איך האָב אין מאכנע דערזען דאָס געשטאלט
פון אָרעמען, עלנטן, אלטן בונטאר!

איין אײנציקער אלטער אין לאנגן געקליידט,
מיט פייעס און באָרד אזוי וואָלקנדיק גרוי...
און מאָדנע האָט ווינט די קאפּאָטע צעווייט
און שטיל אין די פאלדן געכליפּעט אזוי.

און ס׳האָבן באם אלטן די אויגן געברענט,
און ווייטעק, און פרייד איז געווען אין דעם בראנד,
און ער האָט מיט ערלעכע בײניקע הענט
געשטרעקט זיך צום אָרעמען רויטן געוואנט———

צײַט דאן האָבן פרומע און כּאָשעווע לײַט
פארטריבן דעם אלטן פון „יאטקעווער קלויז",
אפ טפיסע מעראמעז געווען פון א זײַט,
א נאָמען געגעבן „מעשומעד"—און אויס.

איז דאן מוישע־וואָלף זיך פארקראָכן העט־העט
אין נאָרע פון אייגענעם טעמפּן געדאנק,

צו קיינעם געגאנגענע און ווייניק גערעדט,
געארבעט, געהונגערט, פארמאטערט און קראנק.

אזוי זײַנען יאָרן אריבער זײַן קאָפּ
געפֿלויגן, ווי קראָען, ווי שווארצע א ריי,
אזוי איז געריטן אַפֿ אים אין גאלאָפּ
דאָס לעבן, באוואָפֿנט מיט בײַטשן פֿון וויי.

2

ווײַל איז דעם, וואָס האָט א פּעלצל
און אַן אויוון א געהייצטן,
און א שיסל הייסע קרופּניק
אַפֿן טישל צוגעגרייט!

ווײַל איז אים, — וואָס דארף ער זאָרגן?
זיצט און עסט זיך אין דער ווארעם,
און דער קוימען אַפֿ זײַן דעכל
פּיפּקעט אין דער לופֿט מיט פֿרייד!...

וואָס זאָל אָבער מוישע־וואָלף טון,
אַז עס איז שוין באלד א כוידעש,
ווי עס רײַסט די רעכטע האנט אים,
ווי עס איז זײַן האנט — א וווּנד?!

אַז עס איז שוין באלד א כוידעש,
ווי עס וויעט אינעם שטיבל
דער פארצאָגטער, שווארצער הונגער,
ווי אַן אויסגעדארטער הונט?!

און נישטאָ וואָס צו פארקויפֿן,
און נישטאָ וואָס צו פארזעצן!
און דער אויוון—ווי א קעלער,
ווי א קעלער זומער־צײַט!

יעדער אָטעם-הויך אין שטיבל
מאכט א וואָלקנדל א גרויען—
אפֿן וואָלקנדל דעם גרויען
שטייל א שווערער אומעט רײַט...

מײַלע, מוישע־וואָלף איז לאנג שוין,
ווי א וואָלף, געוווינט צום הונגער,
און צו קעלטן—ווי א ווײַסער,
ווי א צאָפּנדיקער בער.

•

אָבער... אפֿן בעט דעם הארטן
אונטער בערגלעך גרויע שמאטעס
ליגט די אלטיטשקע א קראנקע
און זי אָטעמט קורץ און שווער!

ווי דערוואַרעמט מען דאָס שטיבל?
אלע בענקלעך שוין פארברענט דאָך.
נאָר די בעטלעך צוויי געבליבן—
זײַנען זיי פֿון אײַזן דאָך!

און דאָס טישל?—ווי צעברעכט מען,
ווי פארברענט מען ס׳לעצטע טישל?
אוי, באַם טראכטן וועגן טישל
טוט אין הארצן טיף א שטאָך.

ס׳גאנצע לעבן אפֿ דעם טישל
טרײַ און ערלעך אָפּגעארבעט.

ווי א טרייַער גוטער כאַווער,
ווייסט זייַן הארטער טיש פון אַלץ...

עפּעס דוכט זיך מוישע־וואָלפן,
אַז דער טיש וועט נעמען וויינען,
ווי ער וועט די האַק דערפילן,
אַז זי רוקט זיך צו זייַן האַלדז...

ווי-זשע זאָל זיך מוישע-וואָלף איצט
צו זייַן ליבן טישל נעמען
און צערייַסן זייַנע גלידער,
און אוועקלאָזן מיט רויך?!

שפּאַרט זיך מוישע־וואָלף אָן טיש אָן
און צעכליפּעט, ווי א קינד, זיך,
און צעוויינט זיך אומבאַהאָלפן,
און דאָס טישל כליפּעט אויך...

3

און פּלוצלינג—באַם שטיבל א שליטן מיט האָלץ האָט געשטעלט זיך.
מען רופט: „מוישע־וואָלף!" — גייט דער אַלטער פון שטיבל אַרויס.
א שליטל מיט האָלץ, און א פויער צעשרייַט אויף דער קעלט זיך.
און דערבייַ שטייט דער בייַכיקער גאַבע פון „יאַטקעווער קלויז".

„דאָס האָלץ איז פאַר דיר, מוישע-וואָלף... ס'האָבן שכיינים
דערציילט, אַז שוין לאַנג, ווי דייַן קוימען געדענקט ניט קיין רויך...
נו, האָבן מיר אַלע אין קלויז זיך באַטראַכט, און איינעם
א פורל מיט האָלץ דיר געקויפט" — און ער שטעלט אויס דעם בויך.

„וועסט האָבן, וועסט צאָלן. אַז ניט, איז דאָך אויך אָן סאַקאָגעס.
נאָר ווייס, אַז דו האָסט דאָס געוויס ניט פאַרדינט מיט דייַן גאַנג.

דישמאטע די רויטע וועט זיכער ניט האָבן אף דיר קיין ראכמאָנעס,
נאָר מיר, די „גאזלאָנים״... וואָס שוויַיגסטו, וואָס קלערסטו דאָ לאנג?״

עס פילט מוישע-וואָלף דעם געבערען פון באליידיקטע בלוטן אין פּאָנעם,
עס פילט מוישע-וואָלף, ווי עס ציטערט א צאָן אפ א צאָן,
און ס׳דרייען צונויף זיך די נערוון, און קראמפן, און שרייַען:
וואָס זייַנט איר געקומען? וואָס האָט איר בא מיר נאָך צו טון?

און ס׳שווידערט דער שנייַדער דער אלטער פאר קעלט און פאר צאָרן,
אין קעשענע האָט זיך די האנט די געזונטע פארדריקט אין א פויסט...
רויִק און פלוצלינג ער טוט אזא זאָג זיך: —„וואָס איז דאָ געוואָרן?
וואָס האָט איר מאטריִעך געוועג זיך, איר, גאבע פון יאטקעווער קל[illegible]?

ווער האָט אייַך געזאָגט עס, אז עס האָט ניט קיין האָלץ דער „מעשומעד״?
אָ, גיב נאָר מיר, פויער, דייַן האק, און קומט, גאבע, מיט מיר!
ניט שרעקט זיך״...—צעלאכט מוישע־וואָלף זיך מיט פינצטערן אומעט.
און נייַגעריק לאָזט זיך דער גאבע נאָך אים אין דער טיר.

און ס׳נעמט מוישע־וואָלף—און צעשמעטערט זייַן טישל אף שטיקער...
און ס׳ברענען באם אלטן די אויגן, אזוי׳וי ער וואָלט
צעשמעטערט דעם קאָפּ בא דעם גאבע דעם גרויסן און דיקן
און וואָלט עס דער וועלט איצט פאר אלע יעסורים באצאָלט.

דער גאבע צעשראָקן, ער רוקט זיך צום טיר מיטן פויער
און מורמלט מיט צאָרן:—„מעשוגע... א כארפּע... א שאנד...״—
פארלויפט מוישע-וואָלף אים דעם וועג, און מיט ביטערן טרויער
טראָגט ער אים אונטער צום נאָז די פארשוואָלענע האנט——

4

האָבן נאָכדעם נאָר פיר  ווענט
שטיל געהערט, ווי מוישע־וואָלף
האָט באַם ליבן טויטן טיש
שטום געוויִעט, ווי א וואָלף.

אוּן דאָס בערגל אפּן בעט
האָט געוואָרפן זיך פאר קעלט,
און דאָס פּאָנעם מיט די הענט
מיט די ביינִיקע פארשטעלט.

און געכליפּעט... און ווער ווייסט,
צי פאר ווייטעק, צי פאר פרייד,
וואָס איר אלטער קראנקער מאַן
האָט געזיגט דאָך קראנקערהייט.

1928

*

איך האָב אמאָל געגלעט א רעוואָלווער,
געקוקט צו אים אין מויל און שטיל גערעדט:
„עס איז צו לעבן גאָרניט אזוי שווער,
ווען ס'איז אפ יעדן פאַל פאַרגרייט א רעוואָלווער"...
און כ'האָב דעם טויט די קאַלטע האַנט געגלעט.

איך בין אמאָל געשטאַנען אפ א בריק
און האָב געקוקט אין מוטנעם בליק פון טהאָם,
און שטיל געטראַכט: „ס'איז דאָך א שניקל גליק,
וואָס ס'איז אמאָל פאַראַן א הויכער בריק
און א פאַרשווענקענדיקער מוטנער שטראָם"...

א האָק אין א סופיט, א פראָשעק סאַם אין גלאָז...—
ס'האָט נאָנטער טויט מיַין לעבן באַלאַנסירט...
און אָפט פלעג שטומער ווי אין אָוונטיקן ראָז
מיר אָנגיסן מיט סאַם פון שאַרפסטן וויַין א גלאָז.
און כ'האָב מיט זיסן גרויל אין מויל דעם שאַרפ פון טויט געשפּירט...

דאָס איז געווען שוין לאַנג. כ'בין דאַן געווען אַלט,
און ס'האָט גענאַרט דער שוואַרצער גלאַנץ פון מיַינע האָר,
און ס'האָט גענאַרט מיַין שלאַנק און בייגעוודיק געשטאַלט...
און איצט איך האָב דאָס לעבן אזוי ליב! כ'בין אַלט
קוים פופצן רעוואָליוציאָנערע יאָר...

22|12—32

*

...כאַלוימעס, לעגענדעס, צי טרוימענ—אַלציינס ווי מע האָט זיי גערופנ—
זיי האָבנ, ווי רויזנ ווי ווילדע, די בערג פונ מײַנ יוגנט באוואקסנ,
אונ איכ האָב מײַנ ליד די נאַיִווע, אזויווי א טויב, אפ די אקסלענ
א וואָרקענדיק־שטילע געטראָגנ אפ מײַנע ניט־דרייסטע ארופנ...

אונ גליק מײַנס?—א זוניקער הימל, א בלימל אפ פעלדער פונ זומער,.
פונ מיידלשע אויגנ אינ הארצ מײַנס א ווארעמ, א שטראַלנדיק טריפל...
איכ האָב, ווי א קינד, אפ מײַנ רינע געלאָזט א פּאַפּירענע שיפל,
אונ שטיל, מיט פארכאָלעמטע אויגנ, געוואַרט, עס זאָל ערגעצווו קומענ.

אונ איכ האָב געוויינט, ווענ מײַנ שיפל, צעווייקט, האָט געזונקענ אינ לוזשע,
ווענ ס'האָט זיכ א ווילדגראָז—א כאָלעמ—אינ שטויב אונ אפ ווינטנ צעשאָטנ.
אונ יִינגלעכ פונ עלטער פונ מײַנעמ שוינ האָבנ זיכ דעמאָלט ווי קראָטנ
אינ אונטערערד טיפער געגראָבנ מיט פּאָנעס מיט רויטע אינ בוזעמ...

אונ זיי האָבנ דרייסט זיכ דערגראָבנ—צו העכסטע, געוואגטסטע ארופנ...
אינ הארבסט זיכ באוויזנ—מיט זודיקנ אײַזגאנג פונ דוירדעס א זעצ טונ...
אונ איכ האָב אָקטיאבער באגעגנט מיט נארישע שיפלעכ צענעצטע,
מיט טרוימענ, לעגענדעס, כאַלוימעס—אַלציינס ווי מע האָט זיי גערופנ.

אונ לאנג נאָכ איז שווער מיר געוועזנ צומ הויכנ צעפלאקערטנ פּאָנ־הייב
מײַנ נעפלדיק אויג צו דערהייבנ אונ האלטנ עס אָפנ צומ אָפשײַנ...
ביז כ'האָב זיי אינגאנצנ צעשניטנ, די „רויזנ", וואָס שיטנ זיכ אָפּ שוינ,
צעשניטנ מיט הארטנ, מיט שארפנ, מיט שטאָלענעמ אקער פונ אָנהייב...

# דאָוויד עדעלשטאט.

(צו זײַן 40־טן יאָרצײַט: אָקטאָבער 17, 1892—1932).

1

איך קלײַב די יאָרן מײַנע שטיל צונויף צוריק
פון שטעטעלעך,
פון שטעט,
פון לענדער.
א צענדליק, צוויי און דרײַ...
אָט זײַנען זיי און זינגען שטיל אין מײַנע הענט דאָ—
איך בוי פון זיי א לײַכטן בריק.

די אָפּגעוועלקטע פארב פון טויטע נעכט און טעג
ווערט ווידער פריש—דאָס העלע און דאָס שווארצע.
אָט בין איך שוין צוריק
אפ צווייטן אלטן ברעג,
און צאפל איז אין בלוט,
און אומרו איז אין הארצן.

איך גיי ארײַן מיט בענקענדיקן טראָט
אין קליינעם שטילן שטעטעלע אין מײַנעם.
ס׳איז פרילינג און פארנאכט.
א בלויער אָוונט האָט
אפ שויבן זיך צעשפילט מיט ראָזע שײַנען.

איך זוך מײַן פענצטער אָפּ —
א פּאָר װערשאָק פֿון דר׳ערד,
איך זוך מײַן טירל אָפּ —
אָן גאַנעק און אָן שװעלן...
אָט דאָ האָב איך
דאָס ערשטע מאָל דערהערט
די ליד, װאָס איז אָפּ שטענדיק מיר געפֿעלן!

עס האָט געזונגען זי
אין יענעם אָפּדערנאַכט
א דינסטמײדל א פֿינצטערע — מײַן שװעסטער,
און שנײַדער־יונגען צװײ
מיט באַס־שטימען מיט פֿעסטע —
זײ האָבן אין געזאַנג דערגאָסן בלוט און מאַכט...

האָט די סאָפּראַנע זיך געפֿלאָכטן מיט די באַסן,
און פּײַן און מוט האָט זיך געפֿלעכט אין יעדן װאָרט.
און דורכן שויב
אָפּ שטילן כאָלעם פֿון די גאַסן
גערעגנט האָט מיט צאָרנדיקן װאָר...

די מאַמע האָט געבעטן זיך:
— „זינגט שטילער.
אױ, קינדערלעך, עס קאָן אַן אומגליק נאָך געשען!"
נאָר קאָן מען דען
אין יונגע הארצן קילן
דעם מוטיקן, דעם סאַרפּענדיקן ברען?

2

מײַן קינדערשע ליפּ האָט געקײַטלט די טראָפּן,
סאָפּראַנאָ און באַסן באַגלײט:
— „װי לאַנג, אָ, װי לאַנג װעט איר בלײַבן נאָך שקלאַפֿן
און טראָגן די שענדלעכע קײט?"

און אָוונט אין שווארצע, אין קינדערשע אויגן
האָט פײַנלעך און זיס זיך געטראַכט...
— „ווי לאַנג וועט איר שטיין אײַער רוקן געבויגן,
דערנידעריקט, היימלאָז, פאַרשמאַכט?״

די ווערטער — איך האָב נישט פאַרשטאַנען, אוואדע, —
נאָר נאָענט איז געווען די מוזיק...—
— „דערוועדבט זיך די פרײַהײַט דורך קאַמפּ־באַריקאַדן!
דערקלערט די טיראַנען אַ קריג!״

און נאָענט איז געווען מיר מײַן שוועסטער, און אַלע
פון וועמען די ליד כ׳האָב געהערט...
— „קייטן און טראָגן, אָ, אַלעס מוז פאַלן
אונטער דעם אַרבעטערס שווערד!״

און ס׳וואַקסט מײַן געזאַנג אינעם אָוונט אין פרײַען,
איז זאָגט מען מיר: — זינג און ניט שרײַ...
— „ברידער, גענוג פאַר טיראַנען צו קניִען,
שווערט, דאָס איר מוזט ווערן פרײַ!״

———

פון שטאָט און צו שטאָט, און פון האַפן צו האַפן
האָט נאָכדעם דאָס ליד מיך באַגלייט:
— „ווי לאַנג, אָ, ווי לאַנג וועט איר בלײַבן נאָך שקלאַפן
און טראָגן די שענדלעכע קייט?״

3

כ׳דערמאַן זיך איצט:
אַ ביבליִאָטעק,
אַ בינטל אַנאַרכיסטן,
אַ מיטינג קעגן לאַנד פון די סאָוועטן.
רעדעס — פּוילע זעק
מיט איפּעשדיקע מיסטן
שיטן זיך פון צינגער באַ פּאַרעטער.

אין הויפטשטאָט ארגענטינער
שטרײַק האָט זיך צעפלאקערט.
פּולס פון קאמף
דערגרייכט די העכסטע גראדן,
און שאַרפער אומרו האָט
דאָס גאנצע לאנד צעאקערט,
און ס׳רופט די קאָמפּארטיי
אַפ באריקאדן.

נאָר דאָ,
אין ביבליאָטעק,
אין דושנע אָוונט־שאָען,
ווי א געשוויר, מיט אייטער פול,
איז יעדע ווײַלע...
איינ רעדנער כאפּט היספּײַלעס
פון מאכנאָען,
א צווייטער שיפּעט שלאנגיש־גיפטיק:
„סטאלין"...

איך בין אליין
מיט נײַגיר צווישן סאָנים,
און כ׳זאמל האס
אין לאגערן פון הארצן...
נאָר כ׳קוק זיך אום —
און איך דערזע דײַן פּאָנים,
אָ, דאָוויד עדעלשטאַט,
אין ראם אין שווארצן.

א סוינע האָט פּארעקט
זײַן פּראזעדיקע שפּײַ־שפּיל
און שטרעקט
צום בילד דײַנעם זײַן שטעכנדיקן פינגער:

— „אָט דער,
אָט דער,
אָט דער
איז אונדזער בײַשפּיל!
אָט דער איז
אונדזער זינגער!"

איך האָב געשוויגן דאַן.
איך אָנערקענט דאָ:
כ'האָב שווײַגן נישט געטאָרט,
כאָטש איך געווען בין איינער.
כ'האָב אויסטרײַען געדאַרפט:
— „ווי לאַנג נאָך וועט איר שענדן
א קיוווער אזא ריינעם!

א טויטער לאָזט זיך אלץ.
ווען ער זאָל איצטער לעבן,
וואָלט דאָ זײַן בילד
אוואדע נישט געהאנגען"...
און כ'האָב געזען:
דו האָסט מיט בלוט א שפּײַ געגעבן,
און ראַש מיט קאַס
פון וואַנט אראָפּגעגאַנגען...

געבליבן איז
א פוסטער ראַם א שוואַרצער—
דו וועסט אהין שוין קיינמאָל קומען ווידער...
ס'קאָן זײַן:
א שטרײַקער אונדזערער אין קאַרצער
האָט גראָד אין דער מינוט
געזונגען דײַנע לידער...

4

אָט ווערט שוין פערציק יאָר, ווי דו ביסט שוין נישטאָ:
דו ביסט שוין נישט געווען,
ווען כ'האָב דײַן ליד דערהערט,
אין יענער פרילינגדיקער אָוונט־שאָ
אין אונטערערד.

נישטאָ מײַן שוועסטער מער,
שוין דרײַסיק יאָר נישטאָ —
מיט ביינערדיקע הענט האָט הונגער זי דערשטיקט,
ארויסגעזעצט פון אירע הענט
דעם שפּיגל פון דײַן ליד,
צעבראָזגעט עס בא מײַנע טריט,
צעדריקט...
נאָר איך האָב אופגעכאַפּט א שפּליטער פון דײַן ליד,
אין הארץ פארשטעקט מיט שארפן קאַנט,
און ס'האָט געשניטן און געבריט —
און כ'האָב פאר ווײ פארדריקט אין פויסט מײַן האַנט —
און ס'האָט אין הארץ בא מיר זיך א געזאַנג צעברויזט.

און כ'זינג ביז הײַנט, פארהויבן הויך די פויסט:
— „רויטפראָנט!"
אין דײַנע צײַטן, ברודער, איז דאָס נישט געווען:
— „רויטפראָנט!"
נאָר וואָלסטו נאָך געלעבט — ווי נאָענט
וואָלט דיר דאָס אַלץ געווען,
און וואָלסט אַפּ־אויסגעשריי —
„סאַליוט" געענטפערט מיט דער פען...
איך ווייס: עס איז פארעלטערט שוין דער מעטאָד
צו פירן שמועסן מיט טויטע אין א ליד,

און ס'האָט געשיכטע שוין געלייגט איר וועטאָ
אַפּ אַלץ, וואָס אַלט און אָפּגעבליט.

דאָך, שרײַבנדיק דאָס ליד אין אָט דער פאָרם,
איך פיל נישט, אַז איך גיי צוריק,—
עס זײַנען דאָ אַזעלכע ליבע קוואָרים,
וואָס זײַנען לעבעדיקער פון אַ וויג...

5

מיט פערציק יאָר צוריק
דו ביסט געווען מיט דײַן ליד
פון רויטער דיכטונג אונדזערער—אַ גאַנצער דריטל:
ווינטשעווסקי, דו, באָווּשאָווער—זאַלבעדריט.
אַרום—אַ זומפּ פון האַס, „עסטעטיקע" און ביטל.
אַרום אַ זומפּ. און באַריקאַדעס דרײַ אינמיטן.

און הײַנט
אַ גאַנצער זעקסטל פון דער ערד
האָט דורכגעפירט אַ גרויסע רויטע מעליאָראַציע...
די לעצטע זומפּן טריקענען—און ס'ווערט
דאָס גאַנצע לאַנד
אַ „פּאַלאַץ אַ דורכויסיקער פון פראַצע".

און טויזנט זינגער האָבן אויפגעכאַפּט דײַן ליד,
פון פידל דײַנעם אָפּגעווישט דעם שטויב
און נײַע סטרונעס צוגעגעבן—
און ס'פידל וויינט נישט מער, נאָר פרייט זיך יונג און ליב:
אין דײַנע טעג איז מי געווען פּײַן און טויט,
און איצטער דאָ בײַ אונדז
איז אַרבעט—גליק און לעבן!

6

און אומעטום, אפֿ גאנצער וועלט,
ווו ארבעט איז נאָך פֿײַן,
האָט אויך שוין לאנג דײַן ליד צעהעלט
און וואקסט אין רויטער שײַן...

מיר זינגען הײַנט א סאך, א סאך,
און אומעטום פֿאראן,
מיר שטייען הײַנט א טרײַע וואך
מיט שווערד און פֿען אין האנט...

•

מיר גייען דרייסט מיט הייסע טריט
און גייען מיט געזאנג.
מיר האָבן צוגעפּאסט דאָס ליד
צו אונדזער נײַעם גאנג.

עס זינגט ניו־יאָרק, עס זינגט פּאריזש,
בוענאָס־אײַרעס זינגט.
אין פּוילן טרעט מיט הוילע פֿיס
דאָס ליד אפֿ שווערדן־קלינג...

און ס'רופֿט זיך איבער אורוגווײַ
מיט דאָרעם־אפֿריקע,
און קובא שליסט זיך אײַן געטרײַ—
די ברוינע שקלאפֿערקע...

און אומעטום דאָסזעלבע ליד,
דערזעלבער פֿײַער־טאָן,
ווײַל אומעטום פֿירט אָן די טריט
דיזעלבע טרײַע פֿאָן.

די פאָן, וואָס דו האָסט זי באַם גרוב
געקושט מיט ווײ אין בליק...—
די פאָן, וואָס איז מיט אונדז אין שטוב,
אַף שלאַכט־גאַס און אין זיג!

## עס שרײַבט מיר א כאווער.

איך בין דאָך ניט אײנער
מיט שטיקער פון נעכטן אין מארך פון די בײנער,
מיט טריבלעכן אָפקלאנג אין ליד פון די בלוט,
מיט שווערע מינוטן,
ווי בלאָטערלעך שווארצע,
אף גרינגע, צעזונגענע שאָען,—

מיר זײַנען מיליאָנען,
וואָס גײען און בויען
מיט פלאמיקע פאָנען
אין הארצן,
מיט אָפערונג־גרײטקײַט
אין אײדלסטע שטימונגען־פאלבן...
נאָר אונדזערע לעבנס די האלבע
פון פאר די אָקטיאבערס,
וווהין זײ אהינטון,
זײ זאָלן, ווי בלײַערנע שטאבעס,
נישט שלעפן זיך לאסטיק פונהינטן,
אין בלויע, אין זײַדענע העמדער?..

איך ווײס, אז א בײַטאמ א פרעמדער
פארווײט אָפט אין לידיק אין מײַנער,

און ס׳קינד מײַנס װעט קומען מיט טײַנעס,
מיט פֿאָרװורף געדעכטן:
װאָס העגסטו אפּ פֿיס מײַנע גרינגע
דײַן בלײַערנעם נעכטן?!
נאָר לאָמיר דאָך זינגען
אַזױ, װי מיר פֿילן און קאָנען
אין ערלעכן ברענען,
אין האַרציקן אופֿריכט אין העלן,
און לאָמיר פֿאַר דורעס פֿאַרשרײַבן,
ס׳זאָל בלײַבן
פֿאַר רײנע אַרכיװן פֿון מאָרגנס פֿון יונגע:
„אַזױ האָט געפֿילט און געזונגען
דער דאָר פֿון די שװעלן...

# אָן ווערטער.

א. האָלדעסנ,

כ׳האָב לידער אינטימע
מיט ווארעמע צערטלעכע שטימענ...
זיי קומענ, ווי וואָלקנדלעכ ראָזע,
אינ שטילע פארנאכטנ צו שווימענ,
ווענ ס׳אָטעמט די אָוונט-אלייע
מיט ליפּע אונ פּאָשעטע גראָזנ,
אונ כ׳זיצ מיט א בוכ, אונ איכ לייענ
זיס-זאפטיקע קלאסישע דיכטונג.

ס׳בלײַבט אָפנ דאָס בוכ אפ די קניִענ,
אונ עפּעס אינ הארצנ נעמט ציִענ...
אנ אומעט?—אָ, ניינ, ס׳איז מיר ליכטיק!
א טרויער?—כ׳האָב גאָרנישט פארלאָרנ,
כוצ עפּעס א בינטל מיט יאָרנ,
וואָס כ׳וואָלט אפ צוריק אימ נישט וועלנ...
א בענקשאפט?—נאָכ וואָס אונ נאָכ וועמענ?
אונ כ׳בלעטער פארגעסענע נעמענ,
אונ טרעט אפ פארטראָטענע שוועלנ,
אונ וויל אפ קיינ איינעמ זיכ שטעלנ!

נאָר ס'זינגט זיך אין הארצ אומופהערלעך,
און רונצלט די רו אין די גלידער...
און טיפ דאָס געזאנג איז, און ערלעך,
ווי ערלעך עס קאָנען זײַן לידער,

וואָס קאָנען אין וואָרט זיך נישט קליידן
און בלײַבן נאָר הוילע מעלאָדיע...
אַן ס'זינגט זיך אין הארצ אזוי מאָדנע,
און כ'קאָן זיך אליין נישט באשיידן,
נישט עפענען אייגענעם לאָדן...

א קריטיקער עמעצ א שטרענגער
וועט לייענען קאלט אָט די פערזן,
א טראכט טון—און ס'וועט אים ניט שווער זײַן
א פאָשעטן אורטייל צו ברענגען:

— דאָס זײַנען די רעשטלעך באנאלע
פון אלטע מאָטיוון נייטראלע,
„מיעשטשאנסקע צעבראָכענע פידלען"—
און וועט פארן אָפּנויג מיך זידלען...

ער'ט עפשער גערעכט זײַן, מײַן ריכטער,
מיט מעסער מיט קאלטן און שארפן,
וואָס וועט מיך מיט „רעשטלעך" פארוואָרפן...
עס דארפן זיך איצט נישט קיין דיכטער

מיט שטומע מעלאָדיעס פארשפילן
אין אָוונט-אלייען אין שטילע.
מע דארף זיך אין רוישיקע ערטער
א ווײַז טון מיט פלאמיקע ווערטער!

איך ווייס דאָס, איך ווייס, איך בין ניכטער,
מײַן ליד איז אין פלאם פון געפעכטן,

און כ׳וואָלט זי אָן הארצוויי דערוואָרגן,
ווען זי זאָל פארשטיין קיין געשיכטע...

נאָר כ׳ווייס נישט, צי איז דאָס דער נעכטן,
צי ס׳צאפּלט אָן ווערטער אין דיכטער
דער נאָך נישט־פארשטאנענער מאָרגן...

*

ס׳ווערט אומעטיק אמאָל,
אין אויג פארנעפּלט זיך דאָס ליכט.
און ס׳לייגט זיך שטיל
א דינער זשאווער־שיכט
אף גלאנצנדיקן שטאָל
פון שארפן קאמף־געזאנג—
און כ׳טו א וואקל זיך אין פעסטן הייסן גאנג.

דאן טו איך אָן מײַן ליד
אף צוקנדיקן מויל—א שלאָס,
און זאָג אים שטיל אזוי:
— ס׳איז קליינינקער, פערזענלעכער פארדראָס.
ס׳איז שטילער שניט
פון אלטאמאָליקן, נישט־אויסגעלעבטן צאר.
דאָס איז
די שרעק
פאר ווערן גרוי,
פאר בלײַבן, ווי א נאר,
מיט נישט געדעקטן טשעק
באם קאסע־פענצטערל
פון קומענדיקע טעג...

איז שווײַג איך דאן,
און ס׳איז אבי־סל שווער,
און כ׳בין מעקאנע

איטלעכנ פּיאָנער,
און יעדנ קינד
בא מאמענ אפּ די הענט:
ס'שטייט פּאָר
אזויפיל גליק,
ס'שטייט פּאָר
אזויפיל פרייד—
און איכ האָב שטילערהייט
אזויפיל יאָר
פונ לעבנ מייַנס שוינ אויסגעבּרענט!...

## ס׳טרעפט אמאָל...

כ׳זיץ אמאָל א טיפ־פארקלערטער,
זוכ פאר ליד א טיר...
פלוצלינג הער איכ: סטײַעס ווערטער
פליִען ארום מיר.

און אינ שטילקײַט ווערט געבאָרנ
לאנג געהערטער קלונג...
ס׳האָט אינ מויל פונ טויטע יאָרנ
אופגעלעבט די צונג...

כ׳האָב זיי נאָכ אינ גרינער קינדהײַט
ערגעצווו געהערט —
א פארבלאָנדזשעט־בלינדער ווינט האָט
איצט זיי אומגעקערט...

איבער ווײַטע פעלדער גרינע
קלינגענ פלייטנ דינ...
ווערטער — לײַכטע, ציטער־דינע,
צארטער „קרעפּדעשינ״...

נאָר זיי קלינגענ איצט מיר פרעמדע,
אָט די ווערטער, ווײַט — — —

ס'איז מיר איצט אינ דאטשקע־העמדער
בּעסער, ווי אינ זײַד...

טרײַבּ איך אָפּ די אל̄טע סטײַע...
ל̄יד מײַנס, ל̄יד אינ מיר!
כ'וועל̄ נאָך ווענ מיט של̄יסל̄ענ נײַע
עפנענ דיר די טיר!

12|12—32

*

ס'האָט שאָענלאנג געווארט
א כאווער
אפ א כאווערטע,
ביז ווײַזער שפּיציקער
האָט לעצטע האָפּענונג
דערשטאָכן —
און ס'איז מיט זיסע
לידעלעך
פארזשאווערטע
דאָס הארץ
אין אומעט־שטויב
פארקראָכן...
פון שטויב האָט
א ײ פ ע ר ז ו כ ט
זיך שטיל ארויסגעשלענגלט
און ענג ארומגעפלעכט
דאָס הארץ
דאָס ווייכע...
און ס'האָבן פון די ווענט אראָפּ
באקוקט אים
מארקס און ענגעלס,
און לענין
א גוטמוטיקער
האָט שטיל אזוי געשמייכלט:

— פאר אונדזערנ א בויער
ס'הארצ דייַנס
צו נערוועז איז שוינ,
צו ווייכ אונ צו יעסענינדיק,—
מ'דארפ זיכ צוגעווינענ,
אז כ'קאָנ א כאוועדטע
א גאנצע נאכט
אפ טעזיסנ
פארברענגענ שטיל
מיט מארקס,
מיט ענגעלס
אונ מיט לענינ...

## ס׳איז היינט ,מיר ליב געווען...

...מיין קינד! ס׳איז היינט מיר ליב געווען דאָס ווארטן,
ווי גאָר אמאָל, אין יענע ערשטע טעג,
וואָס האָבן מיט א צאפל אזא צארטן
געזוכט דיך אפ מיין זינגענדיקן וועג...

מיין קינד! ס׳איז היינט מיר ליב געווען צו טראכטן,
אז נאָך ניט אלץ דערטרונקען איז אין פיין;
אז אין מיין הארץ, דעם אומעטיק־פארמאכטן
וועסטו נאָך לאנג א זיסער ציטער זיין...

מיין קינד! ס׳איז היינט מיר ליב געווען צו שפירן
דעם אָטעם פון דיין לעבן אין מיין פולס.
גלייך ווי איך וואָלט נאָך ניט פארשלאָגן אלע טירן,
און ניט פארקלעמט אין שלאָס דיין הארץ דיין פולס...

מיין קינד! ס׳איז היינט מיר ליב געווען דער אומעט,
וואָס שוועבט ארום דיין נאָמען אין מיין ברוסט — — —
און כ׳האָב געזען דיך אלץ, כאָטש דו ביסט ניט געקומען,
און כ׳האָב די הענט דיינע געצערטלט און געקושט...

# אין א קורצזיכטיקן טאָג.

ס׳האָט קאַלט געשטראָמט אין שויב א נאסע גרויקייט,
און טאָג האָט נישט געקאָנט צעעפענען די אויגן:
געשטאַנען איז ער בלינד באַם פענצטער אָנגעבויגן
און האָט געבענקט נאָך דורכזיכטיקער בלויקייט.

און ס׳האָט מיט ווינטיקער, מיט הארבער רויקייט
פון ראָזן מויל דיינעם אן אומעט זיך געצויגן:
„ווער וועט מיר אומקערן דאָס גליק, וואָס איז פארפלויגן?
„ווער וועט מיין טאָג ארויסשלעפן פון גרויקייט?״

און ס׳האָבן ארום דיר מיט שטילן קלאָג
געוויינט די קראנקע קעץ פון אלטן שטייגער — — —
און ס׳האָט פארדראָסן מיר אף דיר און קורצזיכטיקן טאָג,
וואָס האָבן אופגעהערט צו הערן גאנג פון זייגער...

און וואָס, אז ס׳איז היינט גרוי? און אז ער גייט אוועק! —
עס בויט זיך אזא לאנד! ס׳איז דאָ אזויפיל טעג!..

*

ס'טוט נאָך ווי דײַן לעצטער בריוו,
נאָר ס'קערט אום זיך שוין די רו;—
צו מײַן גרויסן קאָלעקטיוו
טוליע איך זיך נענטער צו.

האָסט געבראַכט מיר גליק און דרייסט,
האָסט מײַן צערטלעכקייט צעוועקט.
טראָג איך זיי אין הארץ נאָך הייס.
זײַנען נישט מיט דיר אוועק.

אין אַן אומעט־בעט א הארטס
לייג איך ניט מײַן יונגן וואָר,
כ'גיס די פולקייט פון מײַן הארץ
אין דער כולקייט פון מײַן דאָר...

אין די שטײַגנדיקע ווענט
מויער איך מײַן אומרו אײַן...
נאָך א ווײַלע—און ס'דערברענט
לעצטער שײַטער פון מײַן פּײַן.

*

א צעטל אפ מײַן טיש: „כ'וועל הײַנט ניט קומען.
איך האָב א זיצונג הײַנט. זיך ערשט דערוווּסט".
און כ'האָב ערשט איצט דערזען מיט שטילן אומעט,
אז ס'איז מײַן צימער שלעכט מעבלירט און פּוסט!

באַם אויװנג הינקט אַן אלט צעלונקען בעטל.
א גרויער טיש. מײַן אלטער מאנטל אפּן וואנט.
אפ שטול אפ אײַזציקן איך זיץ. דאָס צעטל,
עס קאָרטשעט זיך פאר ווייטעק אין מײַן האנט...

און כ'ווייס: דאָס האָט דער סאָפ זיך אָנגעהויבן—
מיר האָבן נעכטן ערשט גערעדט פון דעם.
און ס'איז מיר שווער. דער פראָסט אפ מײַנע שויבן
פארדעקט די וועלט פון מיר מיט שווערער גרויער ברעם...

נאָר ס'וועט מינוטנווײַז צוריק אין הארצן ליכטיק,
ווי עמעצ וואָלט געגלעט מיט קלוגן בליק.
איך ווייס: כ'דארף אָפּגראָבן פון הארץ נאָך דיקע שיכטעס,
אז עס זאָל ווערן, ווי דער קאָפּ, א באָלשעוויק...

און כ'ווייס: ס'איז א פארברעכ—צעשארבענעס דאָס לעבן
מיט בראָכווארג פון א כאָרעוונ געפיל.
און כ'זאָג צו זיך:—דו דארפסט צוזאמען מיט דײַן „מעבל"
אָפּגעבן דײַנע אלטע ווייכקײַט אין אוטיל...

## ס'איז עפשער גוט אזוי...

צעשיידונג לאָזט אראָפּ איר פאָרהאנג צווישןביידן.
ס'קאָן זײַן: ס'וועט אויסוואקסן דער פאָרהאנג אין א וואנט.
מיר האָבן דאָך אזויפיל נאָך צו ריידן!
געווען אזויפיל פּײַן, געווען אזויפיל פריידן,—
נאָר ס'האָט דער ווײ מיט קלעמענדיקער האנט
פארמאכט דאָס מויל בא ביידן אונדז, בא ביידן.

איז עפשער גוט אזוי, ס'וועט אנדערש דאָך ניט ווערן!
צו וואָס־זשע אויסלייגן דאָס הארץ אפּ פלאכן צונג?
שוין בעסער טראָגן זיי, די לידער און באגערן,
אין מארך און בלוט, ווי טויזנט קליינע שטערן,
וואָס שײַנען פאלנדיק און פאלן אָן א קלונג...
צו וואָס דערציילן דאָס? ס'וועט אנדערש דאָך ניט ווערן.

עס טוט דיר ווײ, איך ווייס, פאר מיר, פאר דיר, פאר ביידן.
פארגיב מיר, פרײַנט, פאר ווונדן, וואָס איך מאך!
צי ביסטו ניט, ווי איך, שוין מיד פון ווײ דען?
איך האָב אליין געזוכט אָט די צעשיידונג,
ווי אין א שטורעם זוכט מען זיך א דאך...
ס'איז עפשער גוט אזוי פאר ביידן אונדז, פאר ביידן.

*

מיסטאמע וועט שוין שטענדיק זײַן אזוי:
כ׳וועל קומען אין דײַן שטוב, ווען ס׳איז דײַן מאַן ניטאָ,
און זיצן לעבן דיר א פליִענדיקע שאָ
און ריידן פון דײַן קינד,
און ריידן פון מײַן פרוי.

און זיצן בײַ דײַן זײַט,
און קוקן אין דער ווײַט,
און הערן, ווי עס קלינגט מײַן אייגן וואָרט מיר פרעמד...
און הערן מיט פאַרדראָס
אָפּ טרעפּ דײַנע א שטײַגנדיקע פוס,
צי קלאַפּט ניט עמעצער אין טיר.
און הערן, ווי עס כוואַליעט אונטער העמד
מײַן האַרץ מיט ציטערדיקער צערטלעכקײַט צו דיר...

און נאָכדעם אומטראָגן מײַן אומרו איבער גאַסן שפּעט,
און קומען דאַן אַהיים,
און וואַרפן זיך אין בעט,
און פילן קאַלט איר לײַב, אַן אײַזערנס, א האַרטס.
און טראַכטן, אַז איך בין
נאָך אַלץ א קינד, א צאַפּלדיקס, א צאַרטס...
און טראַכטן אַלץ,

ווּ טוט מען זי אהין,
די גרויסע צערטלעכקײַט, וואָס ציטערט אין מײַן הארץ?

און טראכטן, ביז די מידקײַט וויגט מיך אײַן,
און נעמט דאָס בלײַ פון לעבן מיר אראָפּ,
און מאכט עס גרינג —
אז איצט וואָלט גוט געווען א לערער מיר צו זײַן,
צי גאָר אן אָנפירער מיט א פּיאָנערן־רינג,
און אויסלאָדן מיט ברייטער האנט
מײַן גאָר די צארטקײַט
אף די קינדער פון מײַן לאנד.
און פירן זאָרגפול זיי אף שארפער הייך פון בוי —
מיסטאמע וועט שוין שטענדיק זײַן אזוי.

*

פון פרעמדע אויגן דעקסטו צו אין דײַן געמיט
דעם אָפּשײַן פון מײַן הארץ, דעם שווערן און דעם גרינגן...
און איך מיט שטומער ווײ פארקלעם דאָס מײל מײַן ליד,
עס זאָל פון דיר זיך הויך אפ גאסן ניט צעזינגען.

באהאלטן טרינקען מיר דעם וויַין פון אונדזער פרייד,
און אָפטמאָל גיסטו צו פארשטיקטע שווערע טרערן.
דו קומסט מיט שטילע טריט און ברענגסט מיר שטילערהייט
א וואָלקנדל פון אומרו אפן שטערן...

און כ׳טראכט גאָר אָפּט מיט פײַנלעכן פארדראָס,
ווען אומרו האקט פון שלאָף מײַנעם די צווײַגן:
וואָס טוט זיך דאָ מיט מיר? פארוואָס, צו וואָס
בין איך אין שפיל פון שוואכמוטיקן לײַגן??

איך ווייס: פונקט ווי דײַן שאָטן, וואָס גייט נאָך,
גייט אויך דיר נאָך פון אלטע טעג דער שאָטן;
און ס׳איז ביז הײַנט יערושעדיקן יאָך
פון קארק אראָפּוואַרפן דיר נישט געראָטן.

ס׳שלעפט נאָך זיך פוילער אָפּשטאַם, ווי א פּענט.
נאָר איך—וואָס טוט זיך דאָ מיט מיר? ביזוואנענן?
כ׳האָב ליב מײַן הארץ צו טראָגן אָפן אף די הענט,
מיט שטערן אָפענעם כ׳האָב ליב צו שפּאנענ...

נאָר כ׳אײַל מיט דיר, ווי אף א שנעלן צוג,
אלץ טיפער אין די בערג די זאמדיקע פון ליגן.
ווײַזט אויס, ס׳איז פּופּצן יאָר אָקטיאבער נישט גענוג,
פון אלטן בלוט א נײַעם מענטש ארויסצוקריגן.

און ווען נאָר כ׳פאנג מײַן בענקעניש און בינד,
און טראָג זי, א פארקלעמטע, אונטער מעסער,
צעוויינט זי זיך, ווי א דערשראָקן קינד—
און ווערט נאָך נעענטער מיר, און ווערט נאָך גרעסער.

## צעשיידונג.

ס׳האָט הײַנט דער ווײ פון דײַן אוועקגייג
מיט בלײַ פון אומעט מיך באשיט,
ווי ס׳וואָלט א קרומער דריבנער רעגן
געגאָדלט זיך אין מײַן געמיט.

און וואנדיק האָבן סטײַעס לידער
געברומט אין מיר, ווי קראנקע וועלפ,
ווי עמעצ וואָלט פון אלע גלידער
מיר אָפגעפליקט די בעסטע העלפט.

און כ׳האָב אומזיסט מיט רײַפן סייכל
געקילט די בלוטן מײַנע שטיל.
און ס׳האָט אומזיסט די זון געשמייכלט
אפ בלויער מילדקײַט פון אפרעל.

און פלוצלינג... א צעקלעמט־פארקלערטער,
האָט זיך מײַן ווײ פארשעמט ביז רויט...—
עס האָבן טויב־פארשטויבטע ווערטער
אין מײַן זיקאָרן אופגעגרויט—

„ווען דו וועסט אוועקגיין,
וועל איך טילים זאָגן;
פאר די שטומע בלעטער
וועל איך מיך באקלאָגן".

כ׳האָב אפּ די שוועלן פון מײַן יוגנט
געלייענט ווי דעם פערז אָט דעם,
און ס׳פלעגן ביז צום הארצ מיר צוגיין
די ווערטער מיט א שטילן קלעם.

כ׳האָב דאן, ווי אייזהאָרן, טיפּ „מענטשלעכ"
אין זיידנס בענקשאפט זיך געדרייט.
כ׳וואָלט אויך געקושט באמ שײַן פון בענטשליכט—
און בא טילים זיך צעשיידט...

ער לעבט נאָך הײַנט, דער אָמעד־דיכטער,
און דאוונט לידער אין א פראק.
נאָר ס׳האָט אים לאנג שוין די געשיכטע
ארופגעזאָטלט—אפּ א ראק.

און לאנג דערפירט צום לעצטן ציל אים,
צום דיקן טשעקבּיכל געבראכט.
אין „פּאָרווערטס" זאָגט ער לאנג שוין טילים.
און כ׳האָב אים פײַנט. ס׳איז „פײַנט" צו שוואך!

און מאָדנע איז מיר הײַנט געוואָרן,
ווען כ׳האָב דערהערט זײַן טויבע שטימ,
און ס׳האָבן פלוצלינג אין זיקאָרן
די טילים־שורעס זיך געקרימט.

און כ׳האָב צעלאכט זיך יונג און הילכיק,
ווי אין א צירק פון א פּאיאצ.
מײַן בריק צום קרענקלעך־בלייכן מילך־וועג
האָט לאנג אין שטורעמ שוין געפּלאצט—

(ס׳האָט ניט געטויגט אפּ באריקאדעס).
און כ׳לײַד ביז איצט ניט קלאָג און ווײ———

אָט טראכט איך איצט גאָר פון בריגאדעס
און באָלשעוויסטישן פארזיי!

און אימפעט נײַער קומט צו שטראָמען.
און ס'לײַטערט זיך אין הארצ און קלאָרט,
כאָטש ס'בלוטיקט הייס דײַן ליבער נאָמען,
וואָס דו האָסט אויסגעפליקט פון דאָרט...

## „Вечерний звон“.

1

איך ווייס ניט, ווער ער איז — מײַן שאָכנ פונ האָטעל,
נישט כ'ווייס זײַנ נאָמענ נאָכ, ניט זײַנ געזיכט,
נאָר כ'ווייס: ער זיצט אָפּ אָוונטנ אָנ ליכט,
נאָר כ'הער: ער שפּאַנט פונ פענצטער ביזנ שוועל.

פונ פענצטער ביזנ שוועל, אונ נעמט צוריק די טריט,
אונ ס'ענטפערנ מיט טעמפּנ הילכ די ווענט.
אונ כ'הער: מײַנ שאָכנ זינגט מיט יידישנ אקצענט —
אונ ווייקט איינ ווייטעק אויס א רוסיש ליד.

איך קאָנ דאָס ליד, איך בינ געוועזנ נאָכ גאָר יונג,
האָב איך שוינ פײַנט געהאַט זײַנ אומעטיקנ קלונג,
זײַנ צוגעשטיקטנ אָוונטיקנ טאָנ:
„Вечерний звон... Как много дум наводит он“.

אונ טאַקע, ס'שווימענ אָנ געדאנקענ איצט אסאך...
ווער איז דער מענטש, וואָס זינגט? וואָס זינגט פונ אים ארויס?
אַ שטעטלע א שמאָלס, א ברייטע זאַטע הויז?
א לעצטער פּאָס פונ שײַנ אָפּ גרויענ שינדלדאך?

ווער איז דער מענטש, וואָס זינגט? א זייַד־אינטעליגענט?
א נעפּמאַנ א געוועזענער—ווער ווייס!
וואָס זיצט ער דאָרט אָן ליכט? וואָס טוט אים וויי?
צי ס׳האָט אים אונדזער טאָג אין הארצ עפּעס פארברענט?..

איכ ווייס ניט, ווער ער איז, נאָר סײַוויסײַ
איז ער מיר פרעמד, אונ ס׳פאלט, ווי שטויב פונ בלײַ,
אפ מײַנע ווענט דער אומעט פונ זײַנ טאָנ:
„Вечерний звон, вечерний звон"...

2

ס׳שווימענ אָנ אסאכ געדאנקענ———
ס׳קלינגענ אָוונטיקע גלאָקנ...
ס׳אלטע שטעטעלע, א קראנקע,
ליגט פארהונגערט אונ צעשראָקנ.

נויט אונ מיסט בא יעדער הויז־טיר,
אונ א שולכל מיט א גאבע...
אונ פונאָוונט קלינגט דער קלויסטער,
אונ „אידיליש" קוואקענ זשאבעס...

3

Вечерний звон... ס׳רערמאנט זיכ פיל...
איכ טרעט אינ אש פונ טויטע יאָרנ.
א בלייכער באָכער לייענט שטיל
דעמ בונדישנ פּאָעט איינהאָרנ.

דער דיכטער וויינט מיט קידעש־ווײַנ
אונ ווישט זיכ אָפּ מיט א פּאָרויכעס,

און שלעפט זיך מיט די לעצטע קויכעס
צום גרויסן ליכט—צום בענטשליכט־שייַן...

און פלוצלינג—שוין נישט ווייַט פון שול—
א קלויסטער שרייַט מיט קופער־צינגער——·—
דערלאנגט דעם זינגער שנעל א שטול:
ער כאלעשט דאָך פאר שרעק דער זינגער!..

ער קומט דערנאָך אין שטוב צו זיך,
און טוט אויס אָוולדיק די שיך,
און זעצט זיך אפ דער ערד אין זאָקן...
און קלאָגט אפ שכינעס גרויסן בראָך,
און בייגט דעם קאָפּ אין טיפן טרויער.
און נעמט מיט מוט זיך אָן דערנאָך,
און דרייסט דערקלערט א קאמף די גלאָקן:
ער שטאָפּט אָן וואטע טיף אין אויער———

כא־כא... ער האָט געקעמפט געזונט,
דער ליריקער פון גאָט און „בונד”,
אפ שולדאך—אויסגעפליקטער האָן...
ס'דערמאנט זיך פיל— ...Вечерний звон

4

„אָ, וואָס קלינגט איר, קירכנ־גלאָקן”—
מירן ליב געהאט דייַן ליד.
נאָר—האָסט זיך אליין דערשראָקן,
ווען די גלאָקן קלינגען ניט...

ביסט אנטלאָפן און פאראטן,
און דייַן ליד, וואָס איז אונדז נאָנט,
שעמט זיך איצטער מיט איר טאטן,
וועלכער זינגט Вечерний звон.

5

אָט ווערט שוין באַלד אַ יאָר, ווי כ'האָב
קיין קלויסטער־גלאָקן נישט געהערט,
דאָ זיינען זיי שוין לאַנג אַראָפּ
מיט לעצטן קלונג אין ווייכער ערד...

פון טורעמדיקע הייכן האָט
אַרויסגעפּליקט זיי אונדזער האַנט,
אין אַ סאָוועטישן זאַוואָד
צעשמאָלצן זיי פאַר יונגן לאַנד.

נאָר כ'טראַכט אַמאָל נאָך פונעם קלונג,
ווען כ'זע נאָך ווען אין קלויסטער גיין.
און כ'טראַכט: אַ מויל שוין אָן אַ צונג,
נאָר ס'פּוילן נאָך פאַרסאַמטע ציין...

6

איך לייג מײַן האַנט צו אַן אָקטיאַבערל אויף אַקסל,
און קוק מיט פרייד אין אויגן אים, און זאָג:
וואָס פאַר אַ גליק עס איז אַזויווי דו צו וואַקסן.
נישט הערנדיק קיינמאָל קיין אָוונטיקן גלאָק...

ס'איז גרויסער פרײַער טאָג, און ווײַטן זײַנען אָפן,
מעטאַליק אונדזער ווױקס אין טויבסטן העך קלינגט אָן...
און ס'וועט ניט זײַן אָן ליכט דײַן ווײַטער אָוונט.
און וועסט ניט כליפּען שטיל "Вечерний звон"

# אפן „פּאַרנאַס".

די סעגאָלאָוויטשעס, איינהאָרנס,
צייטלינס און זייער גלייַכן.

אין זאַל — א טשאַטע זאַטע באַלעבאַטים.
קלאַפּטערדיקע אוירינגלעך, גאָלדענע פּענסנע.
הענט — אָן ארבל, אויסגעכאָליעט־גלאַטע,
אייביק־הונגעריקע טיפע דעקאָלטע.

דער פּאָרהאַנג הייבט זיך אוף, און מיט א לײַכט פארנייגן
דער „גאָט־געבענטשטער" דיכטער גייט ארויס:
אָנשטאָט אין לאַצ — אַ ין וואַזעלעך פון אויגן,
אין יעדן וואַזעלע — א וועלקנדיקע רויז...

אפּ גרוילעך־שוואַרצע שלייפן שעמערירט פּאָמאַדע.
איראָניע שמייכלט „קלוג" אין ווינקלען מויל.
„דאָס לעבן, — זאָגט ער, — איז א טרויריקע באַלאַדע,
און יעדער טראָגט דעם טויט אין הארצן, ווי א קויל".

און נאָך א טרויער קוועטשט אין שוך זײַן מוזע:
„מע וויל הייַנט, ס'ליד זאָל זײַן מיט קאַמף געפּאָרט!
אָט ער אליין האָט אויך אמאָל א שוואַרצע בלוזע
געטראָגן. ס'איז שוין לאַנג. אין 5־טן יאָר.

„נאָר שפּעטער זיך געכאַפּט: — סײַוויי איז אַלץ פאַרגעננלעך!
אַף וועג צו טלי׳ע — ראַנגלען זיך פאַר ברויט?!
אפילע ווען די קאַלע שטייט אין די פיר שטענגלעך,
טאַנצט דאָך אויך אַרום איר ווײַסן שלעפּ — דער טויט!

„אָט איך אַליין — אַף גליק געהאַט האָב טויזנט שאַנסן,
נאָר אומעטיק געווען איז סײַוויסײַ״ —
און נאָכדעם לייענט ער פאַרלאַקרעצטע ראָמאַנסן
און זיפצט, וואָס די געליבטע איז ניט טרײַ.

מע אַפּלאָדירט: ער האָט אַ ס אַ ך געגעבן...
אַ מיידל אַ פאַרטרוימטס אַ צעטעלע שיקט צו:
„מײַן ליבער דיכטער! כ׳זוך אַ וועג אין לעבן.
אויך מיר איז אומעטיק. באַשטימט אַ ראַנדעוווּ״.

איז לייענט ער און טראַכט: — איר מאָרגן שענקען רויזן?
צי אין אַלבאָם איר שרײַבן אַ ראָמאַנס?״
באַהאַלט ער ס׳צעטעלע — און צו די שאַנסן טויזנט
קומט צו אַ נײַער צאַפּלענדיקער שאַנס...

דער אוילעם רופט אַרויס, איז לאָזט ער זיך ניט בעטן
און קאָקעטירט מיט א ו מ ע ט ל ע ך אַף „ביס״.
ווער לאַכט עס אָפּן קאָל? ער וואָלט זיך וועטן —
אַ כוצפּעדיקער פּוסטער קאָמיוגיסט״...

„ווער דאַרף זיי דאָ מיט זייערע פּאָר גראָשן!
פאַר זיי — כאַ־כאַ — איז מאַרקס דאָך אַ פּאָעט....
דאָך איז די פרייד פון צעטעלע פאַרלאָשן, —
נו, יאָ, וואָס איז דאָס לעבן? — אַ סקעלעט...

## פונעם פארשטויבטן ארכיוו.

געדענקסט זיי, די זינגער מיט שרעקיקע הערצער פון שטרויסן,
מיט אופשריפּט פאטאלן אף שטערנס פארצאָגטע: מאפּאָלע?...
די זינגערס, וואָס פלעגן אין גרויסן צעשטורעם — פון דרויסן
פארגראָבן דעם קאָפּ אינעם זאמד פון א נארישן כאָלעם.

געדענקסט זיי, די זינגער די בלייכע, וואָס פלעגן די ווייניקע בלוטן
פון פּאָנעם פארלירן באם אופשטאנד פון מאסן,
און זוכן פאר שיפעלע זייערס אין זײַט ערגעץ שטילע מארשרוטן,
זיי האָבן נישט ליבן געקאָנט, און נאָך ווייניקער האסן...

און ס׳האט זייער שארפסטער געדאנק נישט גענומען מער טיף פון א סאָכע,
כאָטש פילדײַטיק פלעגן דאָס וואָרט זיי דערשטיקן אינמיטן פון אָטעם.
זיי האָבן געלעבט אינעם דעמער פון פריצישער שקלאפן־עפּאָכע
און האָבן אין הארצן געטראָגן צעשראָקענעם שאָטן.

כ׳מאכ צו זייער בוך און בלאָז אָפּ זייער שטויב פון די פינגער
ווי נעבעכדיק איז זייער „וועלטשמערצ״,
ווי נישטיק — דער מיסטישער „ערד־צאר״,
ווען ס׳שפּאנען אין שלאכט־רייען הייסע אָקטיאבערשע זינגער
מיט מוטפולן קלאָר אין די אויגן,
מיט בלוטפולן וואָר אין די הערצער!

# לייוויקן.

(צו זײַנע „לידער פון גאַניידן" אינ
פּעוואַראַל־נומער „צוקונפט" 1933).

איר זוכט דעם וועג צוריק אין דזשאַנגל־ווײַט,
צו אוראַלט מאַלפּישער האָט שטאַרק זיך אײַך פאַרבענקט.
נאָר עפּעס גלייבט זיך ניט, אז ס'איז אזוי אײַך ענג,
אין יענעם זומפּ, צווישן יענע לײַט—
איר וואָלט אין „צוקונפט" דאן דאָס ליד דאָך ניט געברענגט.

און זעט איר דאָך: ס'האָט קיין זאך ניט געשטערט,
אז אָט דיזעלביקע, וואָס אײַך געפעלן ניט,
זיי זאָלן אָפּדרוקן בא זיך אליין דאָס ליד,
ווײַל... וואָס קאָן זײַן נאָך מער רעאקציאָנער,
ווי אָפּווענדן פון הײַנט צום אורנעכטן די טריט!

פון הייסן גאסנקאמפּ א רופ צו טון— אין וואלד,
און אויסלויבן דעם עק פון אן אוראנג־אוטאנג,
ווען רויטע שלאָגלער גייען מיט געזאנג
אין פלאמיקן פּאָרויס, און ניו־יאָרקער אספאלט
איז אָפּגעצייכנט רויט פון זייער גאנג...

ס'געפעלט אײַך ניט די שפּאנענדיקע פוס
(אפּ פּראָזע־לאָשן פּראָסט: אנטוויקלונגס־קייט),
כאָטש ס'איז בא אײַך פון דארווינען די רייד...
ס'וועט דארווין אין „גאניידן" אײַער גרוס—
כ'פאַרזיכער אײַך— ניט אופנעמען מיט פרייד...

## אָט איר זײַט ניט קײן אײנס...

„עס קאָן ניט זײַן אזא זאך, ווי אז אן אידעאלער קאָמוניסט זאָל פון צוויי מייד־לעך אויסקלײַבן דאפקע די שענערע און קליגערע, ווען דער מאן איז נאָר אן „איינס", אן „ער", און די פרוי איז נאָר אן „איינס" א „זי"—וואָס איז דעמלט דער כילעק?—„איינסן" זײַנען גלײַך".
(כאים ליבערמאן, „ביכער און שרײַבער" ז. 187.)

געלייענט אײַער קריטישן עסיי:
נו, וואָס איז, מיסטער, דאָ צו קלערן לאנג?—
אין יונגע הייסע הענט א שטערן שניי
האָט מערער האפט,
ווי אײַער מעכטיקסטער געדאנק!

און וואסער פעלט אײַך ניט, נאָר אײַער קוואל
איז בלאָטיק־שווארץ, ווי אײַער הארץ און טינט.
נאָר איין געדאנק אין אײַער פילאָזאָפיע־לאבירינט
איז דאָך געניאַל,
און זיכער האָט איר לאנג אפּ אים געטראכט,
אז ניט—
וואָלט איך דאָך אזוי הילכיק ניט געלאכט!..

נו, טאקע: קאָן דען זײַן אזא מין זאך,
עס זאָל א קאָמוניסט פון מיידלעך צווײ
זיך נעמען די, וואָס איז מער שיין און קלוג?..
נו, קענטיק, אז איר האָט אײַער עסײ
אפריער קאָנטאקטירט מיטן קאָמיוג...

„דער מאן—אן „איינס", אן „ער",
די פרוי—אן „איינסן", א „זי",
און איינסן זײַנען גלײַך. ס'איז דאָ א כילעק דען?"—
מײַן טיפּזיניקער הער,
א שאָדן אײַער מי,
א שאָדן אײַער געל־דערפינדערישער ברען!

אָט איר זײַט אויך אן „איינס"
מיסטאמע אין לאקירטע שיך!
מיט א פאנאמע אפן קלוגן קאָפּ,
און מיט א טשעק־ביכל אין טאש—אן „איינס", אן „ער".
פונדעסטוועגן... בין זיכער איך,
אז ס'וואָלט אזא מין פארפומירטער סנאָב
בא אונדז אין לאנד
אן „איינס" א „זי" געקראָגן שווער...

אוי, מיסטער, דרייט קיין ספּאָדעק ניט, גענוג!
איר האלט דאָך זיכער זיך פאר אולטרא־קלוג,
נאָר ווען איר קומט אהער,
וואָלט איר דערזען,
אז ניט נאָר אונדזער ייִנגסטער פון קאָמיוג,
נאָר איטלעכער פּיאָנער,
וואָס לערנט נאָך אין אָנפאנג־שול,
וואָלט אײַך, דעם קלוגן „איינס", דעם „ער",
צונויפגעבייגלט אין—א נול...

# אונדזערע שוועבעלעך.

„די סאָוועטישע שוועבעלעך קאָסטן
טאקע ביליק, אָבער זיי צינדן זיך שווער
אָן און ברענען ניט גוט״.
(פון אן אמעריקאנישער צייטונג)

—„עס קאָסט,—זאָגט איר,—דאָס שוועבעלע ניט טייער,
נאָר ס׳צינדט זיך שווערלעך אָן און ס׳ברענט ניט גוט״.
נו, זעט איר, דזשענטלמייט., מע דארף דאָך האָבן מוט,
צו אויסטראכטן אזוינס אף אונדזער פייער!..

איר ווייסט אליין דאָך גוט, אז וואָס־ניט־וואָס,
נאָר פייער אונדזערער איז בעסטע מארקע,
אז קיינעמס פייער ברענט ניט רויטער, שטארקער —
פון נאסקייט ניט געקילט, פון ווינטן ניט פארבלאָזט!..

עס פעלט אונדז נאָך אסאך—אונדז פעלט די נאָך פינפזעקסטל,
נאָר פייער פעלט אונדז ניט, און דאפקע ערשטער סאָרט,
און צינדט זיך זייער גרינג, און ברענט אין יעדן אָרט,
נאָך שטארקער, ווי דער שטראָם פון אייער שרעק־שטול———

איר ווייסט אליין עס גוט. אָט ווערט שוין פופצן יאָר,
ווי אונדזער פייער קאָנט איר ניט פארלעשן,

און ס'פאַלן שוועבעלעך צו אײַך אין פּולווער־פּעסער,
און צינדן אָן זיך העל, און ברענען קלאָר...

איז זאָגט־זשע פּראָסט: עס קאָסטן אײַך צו טײַער
די רויטע שוועבעלעך, און קילן אײַך דאָס בלוט...—
צו וואָס־זשע קרימען זיך? מע דאַרף דאָך האָבן מוט,
צו אויסטראַכטן, אַז ס'ברענט ניט אונדזער פײַער!..

.1932

# אין מײַן שטעטל.

אָט זע איך זײ װידער—די אַלטע, נאָר טיפער פאַרטראָטענע שװעלן,
און ס׳טוליעט זיך שטום צו די פיס מיר מײַן שטעטל, א קלײנס און א
שטילינקס.
נאָר ס׳צאַפּלט ניט אױף אין מײַן הארצן קײן װארעמער אומרו, קײן העלער,
און ס׳קומט ניט קײן זינגענדיק װינטל פון װײַטע, פון ייִנגלשע פרילינגס...

דערפאַר אָבער קומט אױך ניט װײנען דער אַלטער זיכרוינעס־באַגלײטער,
די אָרעם־געבליבענע בענקשאַפט, װען ס׳לעשן צוריק זיך די זונען...
פאַרװאָס זאָל מיך גלעטן א פרײד דאָ? פאַרװאָס זאָל מיך נאָגן א װײטעק?
איך האָב דאָך דאָ גאָרנישט פאַרלאָרן, איך האָב דאָך דאָ גאָרנישט געװוּנען!...

אין הויפּטשטעט צערוישטע און ברײטע, אין פּוסטיק פאַרשטשעמעטע קאַמפן,
דאָרט האָב איך געפונען די װעגן צום הארטן, נאָר אײביקן יונג זײַן!
איז װאָס, אז עס האָט דאָ א מײדל אין צערטלעך־ראָמאַנטישע קראַמפּן
געיאָמערט מיר נאדסאָנס א לידל און ביטער געגריזשעט די לונג זיך?

איז װאָס, אז עס האָט דאָ א ביימל אין פרילינג מיט װײַסינקע בליטן
באַשאָטן די קעפּ פון א פּאָרל, און טוי האָט געפינקלט, װי... טרערן?
אַלציינס איז געװעזן אַ ד ר י ט ע ר, און ער האָט די יוגנט פאַרביטערט.
דער װ ע ל ט ש מ ע ר צ, פאַרדריפּעט־פאַרכליפּעט — אז ניט געדאַכט זאָל
ער װערן!

און ער האָט אין זוניקסטן האַלבטאָג פאַריגלט אַף שטאַבעס די לאָדן,
און אײנזאַם געקלאָגט זיך, „װי הערלעך, װי פריש געװען זײַנען די
רויזן״!...

אָ, יוגנט, פארשאָלטענע יוגנט, וואָס האָט זיך אין אלטקייט געבאָדן,
און ס'הארץ איבער ראנד געווען פול איז מיט ריזיקע אויצרעס פון בלויזן...

איז וואָס זאָל פארדריסן? — די דאכקעס? דער הונגער?
דער עלנט? דער דאלעס?
אָ, זיי זיינען דאך נאָך געבליבן, נאָך ברייטער אין פלייצע געוואָרן...
און יעטווידער טאָג איבער שטעטל — א נייינקער טראָפן פון גאל איז,
פארביטערט די דארינקע בינטלעך פון טרוקן־פארמאָרעטע יאָרן.

אין ס'דוכט זיך מיר אלץ: טעג — ניט קיין טעג, נאָר פארשפארט האָט א
הענקער
דאָס שטעטל אין קארצער און טריפט אפן שארבן איר לאנגזאמע טראָפנס...
איז פיינלעך צו זען דאָס. נאָר ס'איז אזוי גוט צו געדענקען,
אז ס'פלאקערן שייטערן רויטע און לייכטן בא וועלטן צוקאָפנס.

•

און שטעטל וועט לויפן נאָך קרוינשטעט, ווען ס'וועלן זיך יענע צעיאָגן
און וועלן מיט בראָנדזיקע הענט די פאלאצן א כאפ טון באם גאָרגל;
און ס'וועלן זיך פעלדער א רוק טון מיט זאטע, מיט ווייצענע מאָגנס
צום שטעטעלע נענטער און טרייער — און וועלן דעם מאָרגן באזאָרגן.

גיי איך ארום דאָ מיט הילכיקע גרויסשטאָט־סירענעס אין הארצן,
און טראכט פון די מאָרגנס, וואָס איילן, ווי רויטע געפאנצערטע צוגן...
און ס'זוניקט אין מיר ניט קיין אָווער, באגלייט פון אן אומעט און
שווארצן, —
איך האָב מיר אין קאמפן דערוואָרבן א הארטע, נאָר שטענדיקע יוגנט.

קיידאן, ליטע,
1931

## מע טראָגט אראָפּ די אָפּגעלעבטע שטיבער.

...מע טראָגט אראָפּ די אָפּגעלעבטע שטיבער,
און נייַע, יונגע בויט מען אָנשטאָט זיי.
עס טוט דיר וויי,
מייַן כאַווערטע, מייַן ליבע,
וואָס אלץ געדיכטער ווערט דער זילבערנער פּאַרזיי
אף אונדזער קאָפּ?
דו שמייכלסט אומעטיק:
— דו זעסט, מע טראָגט אראָפּ
די אלטע, אָפּגעלעבטע שטיבער?

ס'איז נאַריש דייַן פאַרדראָס,
מייַן כאַווערטע, מייַן ליבע.
נישט אלע ראַמט מען אָפּ,
אַסאַך נאָר בויט מען איבער,
און נייַע שטאָקן הייבט מען אויף אף זיי!
און אויב עס טוט מיר עפּעס טאַקע וויי,
איז סייַדן דאָס,
וואָס דו, מייַן כאַווערטע, מייַן ליבע,
צו שווער און צו פּאַמעלעך בויסט זיך איבער!..

## אינ גאס.

איר האָט קימאט געוויינט:
א הענטל א צעדארטס
האָט היינט אינ גאס
ארויסגעכאפט בא אייך דאָס הארצ
אונ עס צונויפגעקלעמט...

איך האָב געקוקט, ווי טרויעריק איר זייט אונ בלאס —
אונ איך האָב זיך געשעמט:
— ווי קאָנ א קליינע בעטלענדיקע האנט
פארשטעלנ אזא גרויס אונ מעכטיק לאנד
מיט צענדליקער מיליאָנענ פעסטע הענט
אפ וווקס. אפ ראשיקנ פונ ווענט!..

ווי אומעטיק איר האָט געפרעגט:—ביזוואנענ?
אונ זיך אליינ מיט שמייכעלע געשטילט:
— די דיאלעקטיק...
אונ כ'האָב געזענ, אז ניט איר האָט פארשטאנענ
אונ נישט איר האָט געגילט
דעמ הייסנ מארש פונ קויבעס אונדזערע צעוועקטע...
איך האָב געוואָלט,
איר זאָלט
דערשפירנ הייסער, טיפער
דעמ פולס פונ אונדזער פריש־געזונטנ בלוט,—

האָב איך באַרעגנט אײַך
מיט זינגענדיקע ציפער
פון שטײַגנדיקן שלאָגלערישן מוט
אין הענט און פּלייצעס אויסגעפּרווּוטע, האַרטע
פון לאַנד סאָציִאַליסטישן אין וווּקס —
נאָר בלאָס אַפּ אײַער פּאָנעם אַפּן צאַרטן
איז אַלץ געהאַנגען נאָך אַ שמייכעלע אַ „קלוגס".
איר האָט געזאָגט:
באַ אײַך איז נישט קיין האַרץ,
נאָר עפּעס האַרטס,
וואָס וועט אַפּילע אין אַ דאָמנע זיך ניט שמעלצן...
די ווייַנענדיקע הענט אָט די ביזוואַנענ?!

האָב איך געלאַכט:
— הערט אויף צו קוטען זיך אין ווערעמדיקע פּעלצן
פון זיס־סענטימענטאַלע, אַלטינקע ראָמאַנען!
ס'איז גוט אַ האַרץ (ווער לייקנט דען עס אָפּ?),
נאָר אויגן דאַרף מען אויך,
און העלע, גרויסע,
און נישט פאַרלירן זיי באַם ערשטן טריט אין דרויסן —
נאָר טראָגן פעסט און הויך
אין קאָפּ...

# זי האָט געפרעגט.

זי האָט גראַציעז מיט שטײַפער ברוינער האַנט
געקעמט אפ קאָפּ אירן דעם רײַפן פלאַקס.
און מיר געזאָגט:
—דערציילט, בא אײַך אין לאַנד
איז אויך פאַראַן, ווי דאָ בא אונדז—א זאַגס?
און האָט מען ליב,
פאַרשרײַבט מען זיך—און גאָר,
און ליבט מען ניט,
צעשרײַבט מען זיך—און גייט,—
און ס'האָבן אירע בלאָנדע אַכצן יאָר
אין בליק אירן געלאַכט מיט בלויער פרייד.

האָב איך געזאָגט:
—בא אונדז אין לאַנד—א זאַגס?
דערווײַלע ניט... ס'וועט זײַן אַמאָל, ס'וועט זײַן...
מע פירט צו כופּעס נאָך מיט גרויסע ליכט פון וואַקס,
און ס'בענטשט דער ראָוו—
אפ ביז אין טויט אַרײַן...

...און ליבט מען ניט?
וואָס הייסט: מע ליבט זיך ניט?
ס'האָט גאָט פאַרקניפּט! און פרום איז אונדזער לאַנד:

מע טאָר ניט קושן זיך. נאָר ס'איז אַפּ יעדן טריט
פאַראַן אַ הויז פון פוילנדיקער שאַנד...

זי קוקט מיך אָן — דאָס קינד פון נײַעם שטאַם:
— שוין איינמאָל דאָרט בײַ אײַך אַ לעבן אַ געשמאַקס!..
און שטעקט אַרײַן אַ קליינע בלויע קאַם
אין ווייכער כוואַליע פון איר רײַפן פלאַקס.

## א בריוו מיט קאָרעקטיוון.

1

—א בריוו פאר אײַך! א בריוו פאר אײַך!—
האָט בריוונטרעגער געשריִען.
און איך בין גאָר אין רויש פון טײַך
געשטאנען ביז די קניִען.

ס'איז גוט אפ קלעצער אין געשווים
מיט באגאָר זיך פארמעסטן!
עס שרײַט דער טײַך. נאָר אונדזער שטים
איז זיכערער און פעסטער...

מיט שארפ געצילטן אָנשטרענג טראָגט
פון יעדער האנט און פלייצע.
עס דראָט דער גרויער רויער טאָג
מיט שטורעם און פארפלייצונג.

דער הימל אין קאָליר פון מילץ,
די בירע רײַסט די ברעגן,—
עס קאָן דאָס טײַערע געהילץ
אוועק אין אמור אוועקגיין!

— — — — — — — —

האָב איך דײַן בריוו געלייענט ערשט
שוין שפּעט באַנאַכט אין צימער,
און בלײַ פון פרעמדקײַט האָט געפּרעסט
אַף נאָענטקײַט אײנטימער:

כ׳האָב נישט דערקענט דײַן שטים און בליק...
און ווי מיר זאָל ניט שווער זײַן —
איך שיק דעם בריוו דיר אָפּ צוריק,
נאָר אויסגעשטעלט אין פרעזן.

2

„א גרויער טאָג מיט קראַנקע טרערנדיקע אויגן
בא הויכע פענצטער פון מײַן צימער.
און שאָטנס לאָזן זיך דורך גאַסן־גרוי גיין —
און קומען זיי שלעפּן זיך, ווי מידע שווימער".

„די דינע גרויע האָר, זיי דריקן הײַנט, ווי קלעצער,
אַרום דײַן קאָפּ שרײַבט אומעט ענגע קרײַזן,
און ווי די אַרבעט פון א פויל צעשטרײַטן זעצער,
איז דײַן לעבן אומגעלומפּערט גרײַזיק".

„אָ, טרויעריקע, הוסטנדיקע גריפּ־טעג,
אין שווערער פײַכטער וואָלקנדיקער קליידונג!...
אין טעג אַזעלכע קומט נישט מײַן געליבטער,
אין טעג אַזעלכע רעדט מען פון צעשיידונג"...

3

כ'האָב נאָכן לייענען דייַן בריוו
געהאַלטן לאַנג נאָך דעם קאָנווערט,
באַקוקט די שטעמפּלען און דעם שריפט,
געדרייט אַהין, געדרייט אַהער.

דער שטעמפּל און די דאַטעס... ניין!
עס איז אַ טאָעס דאָ געוויס:
מיסטאָמע האָט געדאַרפט דאָ שטיין
„ניו־יאָרק", „בערלין", „מאַדריד", „פּאַריז".

און עפּשער טאַקע „כאַרקאָוו"—יאָ,
נאָר „נייַנצן דרייַ און דרייַסיק"—ניין!
ס'איז עפּשער אַ פּאָר צענדליק יאָר
פאַרלעגן זיך דער בריוו אין גיין...

און עפּשער האָסטו זיך געגרייט
צו געבן ווו אַ רעפּעראַט,
און שפּעט באַנאַכט, און מידערהייט,
האָסטו אַ טאָעס דאָ געהאַט?

דו האָסט אַן אויסצוג, אַ ציטאַט
פון אַ פאַרצאָגטן בורזשפּאָעט,

אַנשטאָט אין העפט פון רעפּעראַט,
ארײַנגעטראָגן אין מײַן פּאַקעט?

נאָר ווי און וואָס ס׳האָט ניט פּאַסירט,
איך קער דיר אום צוריק דעם בריוו.
כ׳האָב נאָר אַ ביסל אים געריירט
מיט דיכטערישן קאָרעקטיוו.

4

א גרויער טאָג מיט וואָלקנדיקע אויגן
באַם קליינעם פענצטער פון מײַן צימער
אַלציינס: כ׳וועל לאָזן זיך דורך פּײַכטן גרוי גיין
צום ברעג פון טײַך, מיט אימפּעט פון א שווימער.

ס׳איז הײַנט א שאַבעסניק: מע שלעפּט פון בירע קלעצער,
און יאַטן איבער קני אין קאַלטע כוואַליעס שפּרײַזן.
און זינגער, אָט דער קליינער פלינקער זעצער,
איז בריגאַדיר און לאַכט: „זעצט גוט, אָן גרײַזן!"

פיל קלעצער ליגן שוין אויף פלאַכן ברעג געקניפּטע—
פאַר וואַרטנדיקע פלעצער נײַע קליידונג.
אין טעג אַזעלכע קום גאַנצפרי, געליבטע,
מיר זאָלן צו דער שלאָג־אַרבעט גייןביידע!..

5

און אויב ס׳איז גאָרניִשט ניט געשען,
און ס׳איז דאָס בריוול דײַנס געווען
מיט „שווערער וואָלקנדיקער קליידונג",

איז גוט, וואָס דו ביסט איצט נישטאָ —
מיר וואָלטן זיכער אין דער שאָ
גערעדט —
און ערנסט —
פון צעשיידונג...

בירעבידזשאַן-כאַרקאָוו.

# אומעטום.

איין זעקסטל ערד — אין ראטנרויט, פינף זעקסטל — נאָך אין שווארצן,
פינף זעקסטל נאָך אין קלעם פון קייט און קריטיקע פאראטן.
נאָר ס'טראָגט שוין הייס די אונטערערד אין פייערדיקן הארצן
די פאָנען די צעוויקלטע פון זיגערישע ראטן...

און מאכנעס מיליאָניקע שוין הייבן זיך און גייען,
אייראָפּע שפאנט דורך נויט — צו רויט, און אזיע אין איר טריט גייט.
און ס'פירן זיי די שטאָלענע, די לעגינישע פארטייען,
מיט זיכערקייט מיט שטאָלענער און שלאכטישער געניטקייט.

און דעמאָנסטראציעס ציען זיך אף גאסן און אף שליאכן —
דערקענסט זיי ניט אין הונגער־מארש, די רויטע באטאליאָנען?
פאראנען שוין דאָס וואָרט „סאָוועט" אין אלע, אלע שפּראכן!
פאראנען שוין דאָס וואָרט „סאָוועט" אין הערצער פון מיליאָנען!

פינף זעקסטל ערד אין שווארצן נאָך. נאָר ס'טליעט און עס ברענט דאָרט.
און ווער עס האָט אַן אויג אין קאָפּ, א ליכטיקן, א קלאָרן,
דער זעט, ווי עס צעעפענען זיך אין אלע, אלע לענדער
פאַר שנעלצוג פאַר אָקטיאַבערשן די שליאכן און די יאָרן...

## אונדזער היים.

ס'איז דאָ א פרייד א פרילינגשע, א ליבע,
ווען ס'לויפט דיר נאָכ די היימ אפ יעדנ וועג,
פארלויפט פאָרויס; אונ קומסט אינ פרעמדע שטיבער—
איז לאנג פונ דאָרט די פרעמדקייט שוינ אוועק.

דו קוקסט אפ פענעמער, דו דרינגסט אינ אויגנ,
אינ אויער דיינס קלינגט אָנ א פרעמדע שטימ—
נאָר באלד אינ נייעמ טאָנ־ אונ פארבנ־בויגנ
דערהערסטו יענעמ ריטמ, וואָס ס'איז דיר לאנג אינטימ!

דאָס איז דער ריטמ פונ גרויסער, פרייער ניי־ערד,
פונ אונדזער היימ, וואָס איז דאָכ אומעטומ
אונ ווארט אפ שאָ פונ פרייד אונ בלוט, אונ פייער,
ווי ס'ווארט די זונ אינ פרילינג אפ א בלומ.

## מיר זײַנען היימלאָז דערווײַל...

... מיר זײַנען היימלאָז דאָ דערווײַל.
ס'איז אונדזער היים
דאָ נישט געבאָרן נאָך...
איז וואָס?
מיר לייגן צו דעם אויער צו דער ערד
און הערן,
ווי זי וואַקסט, די היים, אין בויך
פון פריציש־פרעמדע ערדן
אונטער אונדזער טריט.
ס'וועט זײַן—
א פײַנלעכער געבורט—
א שארפער טאָג,
ווען אופשנײַדן געווינערן דעם בויך
מיט שווערדן——
ס'וועט זײַן א פײַנלעכער געבורט,
נאָר ער וועט זײַן!

גייען מיר דערווײַלע אום
מיט פאלשע פאספאָרטן אין קעשענע
אפ אונדזערע פינף־זעקסטל ערד.
און אָפּטמאָל כאפט מען,
ווי בראָדיאגעס, אונדז

און מען פארשפארט
אין טפיסעס איטאַליעניש,
טשילענישע,
כינעזישע
און פוילישע,
און לעטישע —
נאָר מיר פארבלייבן דאָך
געטרייע זינגענדיקע
בירגער — זין
פון רעפּובליקן
אונטערערדיקע — סאָוועטישע...

ב.-איירעס, 1930

## אײראָפּע.

אַפ שוואַרצע הײוונ פונעמ הונגער יוירט דער אומרו.
דאָס בלוט פונ אױסגעבלײכטע באַקנ גײט אַוועק אינ האַרצנ...
אינ שטעט אינ ברײטע, װי אינ ענגע מױערזעק פונ קאַרצערס,
פיבערט אײַנגעשפּאַרטער רױטער אומרו.

באַטאָג, באַנאַכט אַפ האַלבפאַרשטילטע גאַסנ
ציִענ הענט זיך קראַמפּנדיקע—נאָך אַ גראָשנ,
אונ אױגנ אַפ אַזאַ מינ פיבערדיקנ לאָשנ
שעלטנ יעדנ זאַטנ אַפ די גאַסנ.

הענט אָנ אַרבעט מאַכנ איבונגענ פונ פױכטנ,
אונ ס'לערנט זיך די פּאָליצײ אַפ פולעמיאָטנ.
פריִער־שפּעטער וועט דאָך אופרײַסנ דער בלאָטער:
הײַנט בעטלענ הענט, אונ מאָרגנ — מאָנענ פױסטנ!

מאַרק־וויַבער היסטערישע—בורזשבלעטער
מיט צדאָקע־פושקעס אומרו־לופּט צעבױטענ:
—ווילסטו, בירגערל, זיך ראַטעווענ פונ רױטע—
גיב נעדאָוועס... פּאָלג די „גוטע‟ בלעטער!

וױגט פונ אָוונט אימ די צײַטונג אינ זײַנ אומרו:
—שלאָפט רויִק בירגער לעבנ ווײַב דעמ פעטנ.

שטייט ער אופֿ־ערשט עמעצער מיט רויטע טראַפּאַרעטן
באַנאַכט אַפֿ ווענט צעפּלאַמט האָט שטיקער אומרו!

און פֿאַבריקן שטומע וואַרטן, וואַרטן,
נאָר שוינ נישט אַפֿ בורזשואַזער פּעטקייַט:
פֿונ אַ הייסער רויטער „פּיאַטילעטקע"
האָבנ זיי פֿאַרטראַכט זיכ טיפֿ־און וואַרטן.

ריגע, 1931.

## ווי נאָר א וויטרינע.

ווי נאָר א וויטרינע מיט עסנווארג געשמאקע—
מאכנעס ברידער מײַנע ברענענ אויס די אויגנ...
הונגער שלעפּט דורכ לײַבער קאלטע טעמפּע אקערס,
אפנ בויכ דער רימענ—טויטשלייפיק פארצויגנ...

שטיקלעכ גרויער וואָלקנ אפ די לײַבער—טראנטעס,
מיט בוריאנ פארוואקסנ ניט־געגאָלטע באקנ...—
שטייענ מײַנע ברידער פינצטער, אונטערוואנטיק,
ווי נאָר א וויטרינע מיט עסנווארג געשמאקע.

ברויטנ זאפּטיק־פּוכקע, פּרוכטנ, פעטס, קאָנסערוונ,
אונ א צוגעברוינטער כאזערל א יונגער...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

לאנג נאָכ, ברידער מײַנע, וועלנ שטריק פונ נערוונ
אויסהאלטנ די מאסע פונעמ ווילדנ הונגער?!

ניינ! שוינ אפנ וואָגשאָל פאלט שוינ שווערקײַט לעצטע
פונ געדולד אונ לײַדנ. ס'ברענענ שוינ די ברעמענ...
מאכנעסווײַז מיר וועלנ אינ דער טיר א זעצ טונ
אונ מיר וועלנ נעמענ,

נעמענ!

נעמענ!

נעמענ!

ריגע, 1931.

# מישקע.

1

פעטראַרקע! ווען דו לעבסט, וואָלסטו געוויס קיין פאַרגעניגן
געהאַט פון מיין באַנוצן זיך אַצינד מיטן סאָנעט,
ווייל נישט די בענקשאַפט רעדט, און נישט די ליבע גלעט
אַצינד אין האַרץ בא מיר מיט אַ לעוואָנעדיקן ניגן.

און כ'דראַפּע אויך זיך ניט צו אייביקייט אַף שטיגן
מיט בלויע בלומען און מיט סוידעס אויסגעבעט.
פעטראַרקע! ווען דו לעבסט, וואָלסטו פון מיין סאָנעט
אוואַדע נישט געהאַט קיין פאַרגעניגן.

נאָר איך פיל בייזע פרייד, און מיר געפעלט
אין אָט דער פאָרם גראָד, וואָס דו האָסט צאַרט געטראָגן,
צו זינגען פון אַ הונגעריקן מאָגן!

אַזוי מוז פילן זיך אַ פויער, ווען ער קאָן
זיין ווילסטע סערמיגע, זיין ווונדיק פעל
אַריינטראָגן צום פּאָרעץ אין סאַלאָן...

2

ס'איז מישקע אופגעשטאנענע שפעט: געגאנגענע אינ געוועט
מיט מאָגנ זײַנעמ—ווער ווײט וועמענ איבערקלײַגנ.
ס'האָט גרויער טאָג געקײַקלט זיכ שוינ פונ די שטיגנ
אונ עפּעס אומעטיק אפ שאָטנשפּראַכ גערעדט...

האָט מישקע זיכ א הייב געטאָנ פונ קרעכצנדיקנ בעט:
מע דארפ דאָכ סאָפּקאָלסאָפּ א ביסנ ערגעצ קריגנ.
שוינ זעכצנ שאָ אינ בעט. ווי קאָנ מענ לענגער ליגנ?
שוינ זעכצנ שאָ אינ בעט, אונ וואָכנלאנג—אָנ זעט!

שוינ נעכטנ וועטשערע—„פארשפּאָרט", הײַנט—פרישטיק, מיטיק...
א „שפּאָרער" זײַנ איז גוט—אפ פּאָרדנ אזא יאָר!
נאָר קאָפּ איז שווער, ווי נאָכ די שווערסטע מי־טעג,

אונ ס'בויגנ זיכ די קני, ווי נאָכ א נאכט פּאָקסטראָטנ,
דאָס „בענקט" דער מאָגנ ווילד—איז מישקענ קלאָר—
זאָל זײַנ א שטיקל ברויט, אויב ניט שוינ קיינ געבראָטנס...

3

פארשפּילט ס'געוועט—דער מאָגנ איז דער זיגער.
האָט מישקע זיכ א הייב געטאָנ—א לאנגער בינטל ביינער.
געוועננ אמאָל א יאט, א פעסטער אונ א שיינער,—
האָט אלצ פארצוקט דער הונגער, ווי א טיגער:

דאָס פלייש, די קראפט, די זאפט. אונ ס'בלאָנדזשענ, ווי ניט היגע,
אינ קאָפּ געדאנקענ אום, ווי קינדער הילפלאָז־קליינע,
אונ נישטערנ אומזיסט פאר ארבעטלאָזע ציינער
א פּאָר מינוט כאָטש ארבעט ווו צו קריגנ...

די שמאטעס אָנגעטאָן. אין שפּיגעלע צעפּלאצטן
דערזען א פּאָר צעפּלאַמטע גרויסע אויגן
און באקן גרוי, ראזירט אפּ טעמפּ, צעראַצטע.
דערנאָך—אומזיסט צום דיל זיך איַינגעבויגן:
קיין טאבעק ניט געווען אין פּאפּיראָסן־שטיקל.
דערנאָך—ארויס אין גאסן זוכן „גליקן".

## 4

א נאסער שניי, און לעכערדיקע קרעכצנדיקע שיך.
א פּוילער ווינט, און וואָכן שוין, ווי מישקע הוסט.
און ס'שטעכט אמאָל אין זייַט, אמאָל אין ברוסט,
איז—קאָלנער אופגעשטעלט, און שפּאן אפּ גיך.

וווהין? וווהין? א שפּייַז־וויטרינע רופט מיט ליכט,
נישט מישקען מיינט זי עס,—איז אים באוווּסט.
א „מיידל" רופט, אָ ווען ס'זאָל זייַן איר ברוסט—
צוויי לעבלעך ברויט, וואָלט ער פארנארט צו זיך!..

א בעטלער שטרעקט צו אים א וויינענדיקע האַנט.
—„געטראָפן ס'אָרט!"—צעלאכט זיך מישקע שטיל.
אָט איז די גרויע, הויכע, אלטבאקאנטע וואנט—
די פענצטער בלינד אנטקעגן קומענדיקער נאכט.
און הינטער וואנט—א קוימען גלאנצט, פארשנייט, פארקילט...
פון וואָס האָסטו, פאבריק, זיך טרויעריק פארטראכט?

## 5

און מישקע טראכט אזוי: מ'וואָלט, אייגנטלעך, געקאָנט
דורך ארבעט־בירזשע קריגן מאָרגן נאָך א קוויטל
אפּ שיטערע געקעכץ. נאָר דאָס איז נישט קיין מיטל
פאר איינעם, וועלכער מוז זיך שארן בא די ווענט...

ס׳איז דאָרטן פול מיט שפּיקעס, (ווערן זיי פאַרברענט!),
און אין אָכראַנקע־בוך ער האָט א היפּש קאַפּיטל:
בא יעדן בירזשע־טומל — ער אינמיטן
מיט ברויזנדיקער צונג און צאָרנדיקע הענט...

אז ארבעט גיט מען נישט, און עסן — נישט, איז — שרייען,
און שויבן אויסזעצן, און מאכן זיך א וועג —
צו רעסטאָראַנען און צו פולע בעקערייען...
ס׳ווערט עפּעס קאָכעדיק אין הארץ פון אזא טומל — — —
עס איז דאָך מישקע נישט קיין גלינקער עס־דעק,
ער זאָל זיך אײַנפאסן אין בורזשואזן רעמל!

6

גייט מישקע זיך אזוי דורך אָוונטיקע גאסן,
מיט כליפּענדיקע שיך אין כליופּעדיקן שניי.
און פּלוצלינג — לעבן אים א טומל, פּאָליציי,
און ס׳ליגט אַן אלטער מענטש אף טראָטואר, אף גאסן.

ס׳ באוועגט זיך ניט קיין נערוו אף פּאָנעם גרוילעך־בלאסן,
קאַפּוט! דעמדאָזיקן טוט קיין זאך מער ניט וויי... —
אומזיסט, אומזיסט דאָס רײַבן אים מיט שניי,
אומזיסט די „גיכע הילף״, וואָס אײַלט פון קאלטע גאסן...

און מישקע ציטערט אוף, באדעקט מיט שווייס מיט קאלטן:
געארבעט יאָרנלאנג באנאנד מיט אָט דעם אלטן! —
ווען ס׳שטארבט נישט די פאבריק, וואָלט ער געוועז נאָך הייס...

נאָר מאָרגן וועלן בלעטער, געלע, שווארצע,
דערציילן קלאָר און „קלוג״: געשטאָרבן פון א הארצשלאָג,
צי עפּשער גאָר פון שיקערן, — ווער ווייס?״...

7

איז מישקען הייס און קאַלט, און אים באַפאַלט
א שוידערל אזא מיט טויזנט צאַפּלען...
און ס'נעמען זיך אים ברייטערן די אַפּלען,
און פאר די אויגן—א געשטאַלט נאָך א געשטאַלט.

די גאסנפרוי, דער בעטלער און דער מעס—שויג קאַלט,
און ער, און אָן א שיר, מיט מעשוגאס אין אַפּלען—
מע גייט זיך שטום אראָפּ פון גליטשיק־נאסע שטאַפּלען—
די גאַנצע מישקעס וועלט, מיט יונג און אַלט!

נאָר ס'לייִטערט באַלד אין קאָפּ, און ציין פארשטשעמען א געשריי:
—„מע טאָר נישט גיין אזוי און פאַלן אַפּן שניי,
און בעטלען טאָר מען נישט, נאָר נעמען דארף מען—נעמען!

אָט האָט ערשט געכטן אים א יאט געזאָגט גאָר שטאַרק:
—„זײַ וויסן, מישקע, אז מיר גייען ארופ א בארג,
און אַלץ איז אונדזערס דאָך!—וואָסי, עס איז ניט עמעס?"

8

ס'איז נאָס און קאַלט, און בויך איז אײַנגעשרומפּן פּוסט,
און ברויט־געדוכּ, און טאַבאַק־רויך צערייצט...—
נאָר פּלוצלונג האָט א פרייד איר אײַוועלע צעהייצט
מיט זיסער ווארעמקייט בא מישקען טיף אין ברוסט.

פונוואַנען אָט די האָפערדיקע לעבנלוסט,
די פרייד די זאַפטיקע, ווי ברויט פון בעסטן ווייץ?
ווער האָט מיט יונגער ווארעמקייט געפלייצט
אין אַלע אָדערן?—האָט מישקע ניט געוווּסט.

נאָר אַלע מיר, וואָס גייען באַרג אַרויף,
ווי ס׳זאָל צעמאַטערט און צעדאַרט ניט זײַן דער גוף —
דערפֿילן אָפֿט דידאָזיקע געשמאַקע פֿרייד:

דאָס איז — דער קלאַסנוואָרצל אונדזערער, וואָס גייט
אַראָפּ נאָך זאַפּטיקייט אין פֿעטן אונטערגרונט —
דאָס איז דער שטאַם, וואָס איז אַזוי געזונט!

9

האָט מישקען זיך פֿאַרוואָלט אַרויסוואַרפֿן אַ וויץ,
אַ לאַך טאָן פֿון דער בײַכיק־גײַוועדיקער וועלט.
אָט איז אַ רעסטאָראַן, אין אַלע פֿענצטער העלט,
און עפּנט ווער די טיר — אַזאַ געשמאַקע היץ!..

שפּאַנט מישקע זיך אַרײַן... ווי האָפֿערדיק ער זיצט,
ווי ס׳וואָלט אין קעשענע געווען אַ שלאַל מיט געלט!
און עסט מיט ווילדער האַסט, און שמייכלט, און באַשטעלט
אַי נאָך אַ פֿלעשל ביר, אַי נאָך אַ טעלער גריץ...

ס׳איז גוט צו זײַן אַ גוויר: מע האָט אַי גריץ, אַי ביר...
נאָר ווי דערלעבט מען שוין — צוריק אַרויס פֿון טיר,
אַז ס׳שטייט דער קעלנער שוין מיט כעזשבן אין די הענט?

פֿאַרפֿאַלן, מישקע, צאָל! וואָס קאָן מען טאָן? —
איז נעמט ער דאָס פּאַפּירל און שרײַבט אָן:
„פֿאַר מישקען צאָלן וועט דער פּרעזידענט“.

10

לויפט צו דער באַלעבאָס. א בויך — א רונדער בארג,
צוויי גלעזלעך רייטן אפּ א בלויִלעך־רויטער נאָז,
און ס׳פרעגלט זיך אין קאס פוזאטער באַלעבאָס:
— „באנדיט און באָלשעוויק, און האָלעדראנסקער סמארק!"

פון אַלע טישלעך קוקט מען, קוקט מען שטארק.
א דאמע פודערט שנעל די געל־געוואָרנע נאָז...
און עמעץ רעדט אין טעלעפאָן: נאָך פּאָליציי, צי וואָס.
און קעלנער נעמען מישקען פארן קאַרק.

קאָכט מישקע אויף, און בריקעט זיך, און שרייט:
— „און אז איך וואָלט אין גאס געפאלן פאר דער צייט,
וואָלט גוט געווען, איר אָנגעשטאָפּטע הינט?"

א שליידער און א זעץ — און מישקע איז שוין אפן גאס.
אבי נישט פּאָליציי — פארדריסט אים ניט דער „שפּאס".
איז גייט ער זיך און פייפט, און ס׳העלפט אים צו דער ווינט.

11

נאָר שפּעט .באנאכט, אז מישקע גייט צוריק
צו זיך אהיים אין טונקעלער קאָנורע,
ווערט ווידער שוין אין הארצן אָנגעכמורעט,
און וואָלקנדלעך פארציִען זיך אין בליק.

ס׳האָט הייַנט אים אָפּגעגליקט, נאָר — אָך און וויי צום „גליק"
עס ווארטן הונגער־טעג אין לאנגע שווארצע שורעס.
און סאָפּקאָלסאָפּ — זיי ווארפן זיך מיט גוורע
אים גלייך צום האלדז, און אָט — ער ווערט דערשטיקט!..

און מישקע לאַכט מיט גאַל:—מע דאַרף זיך נאָר אין מאַרק
נאָך מאָרגן, מיט אַ צעטל אויפן האַרצן, שטעלן:
„ס׳פאַרקויפט, פאַר עסן בלויז, אַ מענטש זיך, יונג און שטאַרק!״

נאָר ווער וועט דען אויסכאַפּן „מעציאות״ וועלן?
וואָס טויג דען היינט אַ מענטש, וואָס איז ער ווערט?
אָ, ווען ער וואָלט געווען אַ הונט כאָטש, צי אַ פערד!..

12

וואָלט מישקע זיכער יענע נאַכט אין בעטל
אַוועק אַ פינצטערער, און בליי אין האַרץ געהאַט...
נאָר גאָר שוין נאָענט פון שטוב האָט עמעצער אַ יאַט
אים אין די שווערע הענט אַריינגערוקט אַ צעטל.

און עפּעס האָט אין האַנט דאָס קליינע דינע בלעטל
געלויכטן און געמאַכט אים שטאַרק צוריק, אים זאַט — — —
„כאַוויירים קעגן נויט, פּאַשיזם און פּאַראַט!
פאַר ברויט, פאַר אַרבעט און סאָוועטן!״

האָט מישקע זיך פאַרשעמט, פאַרשעמט פאַר זיך אַליין:
מע דאַרף אים אונטערשטופּן, ער זאָל גיין?!
ער טראָגט דען נישט אין בלוט דעם גרויסן רוף?!

איז נאָכדעם, אַז ער איז געקראָכן אויפן טרעפּ,
האָט ער געזען פאָרויס מיליאָנען קעפּ—
אַ גאַנצע וועלט, וואָס גייט אַרויף, אַרויף!

ריגע, 1931

## כ'האָב הײַנט געלאַכט...

כ'האָב הײַנט געלאַכט
געלאַכט פֿון גאַנצן האַרצן,
ווי ס'לאַכט אַמאָל די זון
אין פֿרילינגשן באַגינען:
אַ באַנדע פּאָליציי
מיט פּײַניקונג און קאַרצער
האָט מיך אַרומגעזוכט —
און נישט געקאָנט געפֿינען!

דעם אַרבעטער-קוואַרטאַל
דעם שטויביקן און גרויען
אַ גאַנצע נאַכט
געטרייסלט באַ די האַרט-פֿאַרהאָרעוועטע אַקסלען,
געפֿרעגט אַפֿ מיר
באַ יעדן טיר און טויער,
ווי שוואַרצע קושאַקעס,
באַ די פֿענצטער אויסגעוואַקסן...

און איך —
מיט מאָגן אײַנגעשרומפּן שמאָלן
(ווי בירגערלעכע דיכטערס האָריזאָנטן)
ביז גאָר געווען פֿאַרנומען יענע נאַכט
מיט מאָלן,
מיט פּוצן הײַזער אומבאַקאָנטע.

איך האָב אין רײַכסטן צענטער
אומגעבלאָנדזשעט,
און אף ריזיקע געבײַדעס אָנגעמאָסטן—
אָנשטאָט די הערבנדיקע אופשריפטן
אין בראָנדזע—
פּאסן לײַוונט, פלאמיקע און פּראָסטע...
(שפּרײַזט דאָך אום אין גאס און פעלד דער הונגער,

וואקסן מיר געדיכט אף טריקנדיקע בײטן—
דארף מען שטאָט פארפּוצן און פארייגגערן,
דארף מען דירעס פאסיקע פארגרייטן.)

דאָ „רעווקאָם"
און דאָ „רעווּשטאב", און „נארקאָמאטן"...
און באַם העכסטן פּאלאץ
אפן גאָרגל,
אפן טורעם קריץ איך אויס
„פּראָפּראט" און—
ציפער, ציפער פונעם „פּינפּיאָר",
פונעם מאָרגן...
און באם גאָלד־טרעסט, צווישן אלע ווײַזערס
פונעם אינטערנאציאָנאלן זייגער,
כ'שטעל ארײַן א רויטארמייער
מיט א מאוזער,
מיט די פיס אַז
א צילינדערדיקן פייגער..

— — — — — — — — — — — — —

האָב איך נאָכדעם
הויך געלאכט און הילכיק
פון די שווארצע בלינדע פּאָליצייער.

# מייַן קינדס פרייד.

... מייַן ייִנגעלע איז שטאָלץ און מוירעדיק צופרידן,
אין זייַנע גרויסע אויגן שייַנט די זון,
און ער באַטאַפּט אַלץ און באַגלעט אַלץ
זייַנע גלידער...
—וואָס האָט געטראָפֿן דיר,
מייַן קליינער ליבער זון?

די שיכלעך דייַנע זייַנען גאַנצער ניט געוואָרן,
דייַן רעקעלע איז אויסגעוואַקסן—אַלט.
וואָס־זשע האָט אין דיר הייַנט
אָט די פרייד געבוירן?
וואָס־זשע האָט דייַן מאָגער פּענעמל
צעשטראַלט?

פרייט זיך שטיל מייַן ייִנגעלע:
—„אָ, טאַטע,
אויסצוּוואַקסן איז אַ גרויסע פרייד!
זייַן אַ גרויסער,
זייַן אַ יאַט מיט יאַטן,
העלפֿן, אַז מע דאַרף,
און מיטגיין, אַז מע גייט!

ווייסטו, טאטע, מיט א ווײַלע פריִער
האָט מען מיך געכאַפּט בא דער פאבריק,
און דער פּאָליציִאַנט האָט ווילד געשריִען,
אז איך בין אויך א גרויסער באָלשעוויק.
מ׳האָט מיך געהאַלטן
אין „קאָמיסאַריע״ *)
באַנאַנד מיט אַלע שטרײַקער פון פאבריק!
נא, דו זעסט?״

מײַן קינד טוט אויס דאָס רעקל,
פאַרקאַשערט הויך דאָס העמדעלע אַזוי —
אף דאַרן רוקן—בלויע פּאַסן פון א שטעקן,
און פון האַרטע פויסטן—
צייכנס רויט און בלוי!

קלעמט דאָס האַרץ בא מיר...
און מיט א טײל פון שמייכל
דעק איך צו דעם ציטער פון געזיכט — — —
און איך קוק, ווי ס׳בליט אף בלויע צייכנס
אַזאַ רויט און זיכער ליכט.

גלעט איך שטיל די שמאָלע, דאַרע אַקסלען,
און די פינגער מײַנע ציטערן פאַר זיי,
און איך זאָג:
—„ביסט טאַקע אויסגעוואַקסן,
און כ׳בין שטאָלץ, מײַן כאַווער, אף דײַן פריידן!״

*) פּאָליציי־ראַיאָן.

# א יאָנטעוו אין קאָמיוג.

א יאָנטעוו אין פּ י אָ נ ע ר, א יאָנטעוו אין קאָמיוג:
ס'ועצט הײַנט ארײַנ פּ י אָ נ ע ר די ערשטע פיר
אינ רויטנ בראָנעוויק, אינ שלאנקנ פאנצער־צוג
פונ ארגענטינער „כואווענטוד"... *). איז לעבנ טיר
געזעגנט מענ זיך יאָ, געזעגנט מענ זיך ניט:
מע ווייסט—מע וועט זיך טרעפנ נאָך אינ וועג,
עס דארפנ אויסוואקסנ אביסל נאָר די טריט
אונ צײַטיק וועדנ נאָך א בינטל טעג.

עס רעדט א יאט, א פלייציקער, א הויכער יאט,
אינ פאָכנדיקער האנט—פארהארטעוועטע מוט—
א לעבעדיקער, פלאמיקער פלאקאט...
עס רעדט דער סעקרעטאר פונ „כואווענטוד"!
ער רעדט, זאָגט אָנ, זאָגט צו, באשווערט אונ שווערט—
אונ אלע ווײַלע שרײַט די פרייד אינ יונגע הענט...
—מיר צינדנ שײַטערנ אפ ארגענטינער ערד!
אונ קומט דער טאָג—זי צינדט זיך אָנ אונ ברענט!"
ס'רעדט איינער פונ די פיר, א דינער הויכער יונג,
האלב קינד נאָך אונ האלב מאנ, צוויי יאָר שוינ אינ „טאזשער"**).

די פײַערדיקע רעגעס כריקענען די צונג
אונ ציטערנ אינ האלדז—ס'איז ריידנ איצט אים שווער.

---

*) קאָמיוג
**) ווארשטאט.

נאָר אלע ווייסן, ס'וואַקסט א באָלשעוויק,
א יאט שוין מיט א „סטאַזש"—ס'איז אלעמען באַוווּסט:
ערשט נעכטן האָט א פּאָליציסט בא דער פאבריק
אים בלויע „אָרדנס" אָנגעטאָן אפ ברוסט...

איז רעדט ער איצט און שווערט אין נאָמען פון די פיר.
ער ענדיקט. „אינטערנאַציאָנאל" באדעקט די רייד.
דער אוילעם זינגט, דער אוילעם אפּלאָדירט.
דער יונגער רעדנער ברענט אין יאָנטעווודיקער פרייד.
דער טאַטע זײַנער—א פארטייער שוין פון לאַנג—
האלב גרוי שוין, האלב נאָך שוואַרץ—אינגאַנצן רויט,
ער שטייט דערבײַ און דונערט דאָס געזאַנג:
— „שטייט אוף, איר שקלאַפן, וואָס אָן ברויט"...

און נאָכדעם בעט ער בא דעם פּאָרזיצער א וואָרט—
און דריקט צו זיך דעם זון, און דאַנקט פאר אלץ, פאר אלץ,
וואָס ער האָט זיך דערלעבט... און פּלוצלינג—עפּעס דאָרט
אין הארצן זיך צעשמעלצט, און ווארעם ווערט אין האלדז...
ער לאַכט און וויינט! דער יונגער אוילעם לאַכט:
ווי פאַסט דאָס וויינען פאַר אן אלטן באָלשעוויק!
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס איז א יאָנטעוו הײַנט: עס האָט „פּיאָנער" געבראַכט
די ערשטע פיר צום רויטן בראָנעוויק

# דריַ בריוו.

## 1

כ'האָב צופעליק באגעגנט הײַנט דײַן נאָמען,
געקראָגן דײַן אדרעס—און כ'שרײַב דיר איצט דעם בריוו.
דו ווײסט זיך דאָך דערמאנענ נאָך מיסטאמע
און עפשער אויך דערקאָנענ נאָך מײַן שריפט.

איך האָב שוין פאר דער צײַט אסאך „באוויזן"
שוין אנדערש מײַן געדאנק, און אנדערש אויך מײַן לײַב!
דײַן קליינע בלאָנדע שטיפערישע ליזע
איז יאָרן שוין א מאמע און א ווײַב.

און שטייט אין קיך מיט הויך־פארשארצטע ארבל
און שײַערט טעפ, און העפט א זאָק, און לאטעט גרעט,
און ריכט באגינענ אויס דעם מאנ מיט פרישטיק צו דער ארבעט,
און ווארט אפ אים מיט וועטשערע ביז שפעט.

די קינדער לערנענ גוט. די עלטערע, נעכאמע,
איז באלד שוין א'זוי גרויס און הויך, ווי איך.
דו ווייסט! ס'איז צײַטנווײַז מיר ליב צו זײַנ א מאמע
און טראָגן אין געמיט א שטיל און צערטלעך ליכט...

דאָך אָפּטמאָל טרעפט—און איך אין זיך פֿארשליס זיך,
און בענקשאפט גאנוועט צו א היפּשן בינטל טעג...—
און כ׳בין צוריק דײַן קליינע בלאָנדע ליזע,
און כ׳גיי מיט דיר אין פעלדער ווײַט אוועק.

מײַן האנט—ארום דײַן האלדז. ס׳געפעלט דיר אזא „קראגן״—
אי ווײַס, אי וייך, און שטיקט נישט, כאָטש גאנץ שטײַף...
און פרילינג איז. און זון—אין אזא לאגע,
אז ס׳איז איר גרעסטע הערפּט אין מיר, און איך—קוים רײַף...

ס׳איז פרילינג אלעמאָל, מעג זײַן דער שווערסטער ווינטער,
דער ווײַנענדיקסטער הארבסט—ס׳איז פרילינג אלעמאָל,
ווי נאָר א מאכנע טעג רוקט שטיל זיך אָפּ אהינטער,
און ס׳נעמט די בענקשאפט ריידן מיט דײַן קאָל...

נאָר כ׳פלוידער שוין, דו מוזט זיך איצטער קרימען:
—„ווי נאריש ליזע איז און ווי צעקראָכן־צארט!״...
מ׳האָט מיר דערציילט,—ניטאָ אין דיר קיין סימען
פון יענעם יינגל מער. ביסט, ווי א שילדקרעט, הארט.

אנטשולדיק מיר פאר דעם פארגלײַך. מיר דוכט זיך,
אז אונטער הארטן שאָל מוז זײַן נאָך עפּעס ווייכס...
און וואָלט איך זײַן דערבײַ, וואָלט זיכער אָפּגעזוכט זיך
בא דיר אין הארץ א מײַסעלע א ניט־דערגרייכטס...

און וואָלסט געוויס געבענקט מיט מיר צוזאמען,
ווי ס׳וואָלט אין הארץ ארײַן פון גרינעם פעלד א ווינט...
אָט בין איך יאָרנלאנג א ווײַב שוין און א מאמע—
און אלץ נאָך בין איך זיך אליין א קינד...

זאָל זײַן גענוג, שרײַב אָן מיר, ווי דיר לעבט זיך,
ווי זעסטו אויס? שיק צו א לעצטן בילד.

ווער איז דײַן ווײַב? האָסט קינדערלעך? ווי קלעפּט זיך
אַרײַן אַצינד די וועלט אין דײַן געפיל?

און צי... דערמאָנסט זיך נאָך אַמאָל אָן ליזען?
אויב יאָ—איז פריילינג דאַן?...—שרײַב אויס פון אַלץ—
און צי... דו האָסט דײַן ווײַב מײַן בריוו געוויזן?
מע דאַרף נישט. הערסט?.. איין האַנט—אַרום דײַן האַלדז,

די צווייטע—אין דײַן האַנט, און פעלד און הימל שײַנען...—
איז שרײַב אַ בריוול אָן. איאָ דו ווערסט?
און ווערסטו זײַן אַמאָל אין די מעקומעס מײַנע—
פאַרגעס נישט מײַן אַדרעס...״

2

„באַקומען דײַן בריוול, אַדאַנק, כ׳בין געזונט.
דאָסגלײַכן מײַן ווײַב און די קינדער.
און פריילינג איז שטענדיק, און ס׳שימערט די זון
אונדז אונטער די טריט די געשווינדע.
און הער: אַז מע מאַכט זיך אַליין נישט קיין ווונד,
פאַרשפּאָרט מען זי נאָכדעם פאַרבינדן...

און דו ביסט צעקראָכן מיסטאָמע דערפאַר,
וואָס דו האָסט אין זיך זיך פאַרשלאָסן,
און מעסט נאָך דאָס לעבן אין שטילינקן צאַר
מיט קורצינקע קינדערשע מאָסן.
האָסט געטראָגן דײַן פרייד צו אַליין און צאַרט—
און האָסט זי דעריבער צעגאָסן...

צי בענק איך? געדענק איך?—דו זײַ ניט אין כּאַס:
קיין צײַט ניט פאַראַן צו געדענקען.
ס׳איז אונדזער קאַמף שוין אַרויס אפֿן גאַס—
און וועט שוין באַלד וועלטן פאַרשווענקען.
און יעדער פון אונדז ברענט פאַר ליבע און האַס—
און קיינער פון אונדז איז נישט קרענקלעך...

מײַן װײַב װעט גאָר גיך שױן פֿון טפּיסע אַרױס—
געכאַפּט זי בא הונגער־געשלעגן.
זי איז מיטן ברוסט־קינד געגאַנגען פֿאָרױס,
א שפּיאָן איז געקומען אנטקעגן,
האָט זי מיט איר קלײנעם, נאָר אײַזערנעם פֿױסט
זײַן הינטישע מאָרדע באַגעגנט...

מײַן עלטערער יִנגל—א טײַערער יאַט,
ער גלײַכט זיך מיט מיר שױן אין פּלײצע,
און פֿירט שױן א „קרײַזל", א ברען און א כוואַט—
מע קאָן אים שױן טרױען א לײצע.
א שאָד נאָר, װאָס ניט אַלעמאָל איז ער זאַט.
ער בענקט—נאָך א שטיקעלע װײצנס...

דו לײענסט און—ביסט שױן מיסטאָמע נערװעז:
—„װאָס האָט ער זיך אזױ צעדאַרשנט!"?
און דו װאָלסט מיסטאָמע מיט שמעקעדיק בעז
געקאָרמעט די הונגערשע מאַרשן?...
איך װײס ניט, צי דאַרפסטו נאָך איצט מײַן אַדרעס—
איך בין אי ברוטאַל, אי א נאַר שױן"...

מײַן בילד?—שױן זיך יאָרן ניט פֿאָטאָגראַפֿירט,
אכוץ אמאָל צען אין „אָכראַנקע"...
אַלצײנס װאָלט מײַן בילד דיך שױן איצט ניט גערירט:
ניטאָ מער אין אױגן איג בלאַנקע
דער אומעטיק־„זיסער" פֿאַרכאָלעמטער פֿלירט
מיט לידער און מײַסעלעך קראַנקע..."

3

...די כאװערטע מ. ב. האָט נעכטן אױסגעשפּיגן בלוט:
מע האָט אפן פֿאַרהער איר אָפּגעקלאַפּט די לונגען.
דעם פֿרײען־טאָג מיר האָבן דאָ געפֿראַװעט גוט—

מיר האָבן אי געמיטינגט, אי געזונגען.
עס זײַנען דרײַ פֿון אונדז דערפֿאַר אַוועק אין קאַרצער,
נאָר ס׳מאַכט ניט אויס: ס׳ווערט פֿויסטיקער אין האַרצן...

וואָס מאַכסטו עפּעס, האַ? נאָך אַלץ ניטאָ קיין אַרבעט?
און אונדזער יינגל הונגערט, נעבעך, אַלץ?
גיב אַכטונג, אַז ער זאָל ניט צוקילן דעם האַלדז:
אַזעלכע וועטערן, אַזעלכע ווינטן האַרבע!
„אַ פֿרוי בלײַבט אַלעמאָל אַ פֿרוי״,—דו שמייכלסט צו...
עס איז ניט פֿײַן פֿון דיר: כ׳בין פּונקט ווי דו
פֿאַרהאַרטעוועט. נאָר ס׳טרעפֿט אַמאָל אַ רעגע,
ווען כ׳ווער פֿאַרטראַכט און ס׳קומט מיר אָן אַנטקעגן —
אַן אַלטער פֿרילינג... אַ מאַסאָווקע טיף אין וואַלד...
און דו—אַ שיינער, ברענענדיקער יאַט
אויף אַ טריבונע פֿון אַן אָפּגעזעגטן שטאַם...
דײַן יעדער זשעסט—אַ שווערד, דײַן יעדער וואָרט—
אַ פֿלאַם.
ס׳וועט יענער פֿרילינג שוין צוריק ניט קומען,
נאָר ס׳איז געשמאַק צו טראַכטן וועגן אים,
ווען כ׳בענק, און כ׳וואָלט דײַן שטים
געוואָלט דאָ הערן נאָענט אַזוי...
נו, מײַלע, לאַך... „אַ פֿרוי בלײַבט אַלע מאָל אַ פֿרוי״...

הער, לייזער! ניט געזאָרגט—עס וועט נאָך פֿרילינג זײַן,
פֿאַר דיר, פֿאַר מיר, פֿאַר איטלעכן, וואָס לײַדט אַצינדער!

איך ענדיק שרײַבן: ס׳איז דער „אויפזעער״ אַרײַן—
אַ גרויסער הונט...
נו, זײַ געזונט
און קוש די קינדער.

# אונדזער הילכיקער טראָט.

דער 18־טער ציוט *)

הײַנט קלינגט איבער וועלט
אזא הילכיקער טראָט,
הײַנט שטורעמט אינ לופט
אזא שטאָלענער פויסט—

די יוגנט פונ פעלד
אונ די יוגנט פונ שטאָט
מיט מונטערנ רופ
איז אפ גאסנ ארויס.

די יוגנט, וואָס שאפט
אונ וואָס מויערט מיט מוט!
אונדזער לאנד איז באוואכט
מיט ביקס אונ מיט שווערד.

אונ די יוגנט, וואָס שקלאפט
אונטער הונגער אונ רוט
אונ פלאקערט אינ שלאכט
אפ פאשיסטישער ערד.

---

*) „ציוט"—צווישנפעלקערלעכער יוגנט־טאָג.

איבער יאַם, איבער לאַנד,
איבער אופשטײַג פון װענט,—
באַגריסן מיר הײַנט
די יוגנט װאָס—רויט...

און ס׳איז אונדזער האַנט
אין מיליאָנען פון הענט,
װאָס גרייטן דעם פײַנט
א זיכערן טויט!

ס׳איז שװער נאָך, ס׳איז שװער,
װי א ריזיקער שטיין,
נאָר מיר הייבן געװיס
דעם ענדגילטיקן זיג!

ס׳װעט ברודער שוין מער
אפ א ברודער נישט גיין.
ער׳ט נעמען דעם שפּיז—
און דערשטעכן דעם קריג...

עס האָט לעניך געזאָגט—
און עס קלינגט נאָך זײַן װאָרט,
און װעט קלינגען נאָך העל,
און צעהילכן די ערד—

נאָך זיגערשן טאָג
פון אָקטיאַבערשן װאָר,
איז בויען די װעלט—
דער יוגנט באַשערט!

דער יוגנט פון פעלד,
און פון שאַכט און זאַװאָד,

פון ווז און סטאנאָק,
מיט ברויז און מיט מוט

טאָ קלינג איבער וועלט,
אונדזער הילכיקער טראָט!
זאָל לעבן דער טאָג
פון רויטפּאָניקן „ציוט"!

# 1־טער אווגוסט.

די כאווײרים אין די קא־
פיטאליסטישע לענדער.

1

די פויסטן—הויך,
רויטפראָנטיש,
שטײַף פארקלאמערט—
אין בלויער אווגוסט־לופט
זיי ברענען בראַנדזיק...
מיר טראָגן זיי—
מיליאָנען
הארטע האמערס,
וואָס וועלן טרעפן
טויטלעך—
און נישט בלאָנדזשען!..
אף אלע גאסן
אומרו שפאנט
און וויגט זיך,
אף אלע גאסן—
פלאמיקע
פארפלייצונגען...
מילכאָמע ווילט זיך אײַך?

איר ווילט אונדז
געבן ביקסן?
מיר וועלן נעמען זיי,
מיר האָבן פּלייצעס!
מיר וועלן נעמען זיי,
נאָך איידער
איר וועט גענבן:
אין שווארצן הונגער־פלאַם
די אויגן
ווערן קלערער...
און מאכנעס שטורעמען:
—דאָס ראטנלאנד
זאָל לעבן.
און מאכנעס ענטפערן:
—מיר גייען,
קאָמינטערן!
אונדזער פאָן
ברענט שווארצע קאפּיטאל־שטעט...
יעדער לאָזונג
אָנגריף איז
אין שטורעם.
און דער צווייטער
אינטערנאציאָנאל שטייט
הויל
באַם שאנדסלופּ
פון קאריקאטורן...

(אפ לענדן שמאָלציקע—
א גארטל
פון טראנשייען,
אפ אויגן שפּיציקע—
שפּאקטיוון
פון קאנאָנען,
און ס׳האלדזט אים
דעטערדינג—
פאר בלוטיקע פארזייען...—
איז ווער וועט אים,
דעם „צווייטן",
ניט דערקאָנען!)

———

די פויסטן—שטײַף,
רויטפראָנטיש
איבער רייען,
און די קאמפלוסט
שרײַט,
פארלויף פונפאָרנט — — —
...פאבריקן שטומע
הערן
די געשרייען
מיט הייסער טרייסט
פאר טויטקעלט
פון מאָטאָרן...

1932

## 22־טער אווגוסט.

צום V יאָרטאָג פונעם סאקאָ־וואנצעטי־מאָרד.

מײַנ פעסטער טראָט, דער פרײלעכער און ברײטער,
האָט פּלוצלינג הײַנט זיך שטיל געטאָן א גליטש:
עס האָט א ברי געטאָן א שארפער װײטעק—
פון שטול עלעקטרישנ דער סארפנדיקער בליצ...

שוין הײַנט פינפ יאָר נאָכ װיסטנ מאָרד פון באָסטאָנ *),
נאָר ס׳שרײַט דאָס הארצ, װי בא א פרישנ גרוב.
אָ, ס׳איז נאָכ אלצ די ענקער־האנט פארמאָסטנ
מיט ליוטשערײַ, מיט שטול אינ טויטנשטוב!

אינ װעלפישנ געװוי פון הונגעריקע יאָרנ
שטאָט ארבעט גיט מענ בלײַ, שטאָט פרײַהײַט גיט מענ טויט.
און װידער שטײט דער שטול א גרײטער—אינ סקאָטסבאָראָ **)
אפ זיבנ ברידער מײַנע גרוילט די שװארצע הויט...

הײ, טראָט מײַנ טראָט, שפאנ פרײלעכער און ברײטער!
װער װעט זיך הײַנט א װאקל טונ פאר װײ!
אינ יענקי־לאנד, אינ הונגער און אינ װײטעק,
מיר האָבנ שוין א מעכטיקע פארטײ!

---

*) די שטאָט, װו מע האָט געקעפּט סאקאָ און װאנצעטי.

**) װו ס׳זיצנ די זיבנ פארמישפּטע צום טויט נעגער־יינגלעכ.

מיליאָנען אקסלען, ביייניקע און הארטע,
זי האָט שוין אין א שלאכט־פראָנט אויסגעבויט!
אין ווייַסן וואשינגטאָן און טיף אין „שווארצן גארטל“ *)
עס טאָגן טעג מיט ברענענדיקן רויט...

מיר וועלן געבן זיי א צעטל—און א פולן—
די הווערס פאר די באָסטאָנס פונעם לאנד.
מ'וועט אונדזער גאנג ניט אָפּהאלטן מיט שטולן,
מיט פּראָספּעריטי־בלאָף, מיט לינטשערייַ און „קלאן“ **)

---

*) „בלעק בעלט“—די נעגער־טעריטאָריע אין די פאראייניקטע שטאטן.
**) „קלאן—קו־קלוקס־קלאן—אמעריקאנישע פאשיסטישע אָרגאניזאציע.

## די הענט אראָפּ!

די הערצער—פלאַם,
די פויסטן—שטאָל,
ווי טרייַע פאַנצערדיקע ווענט—
די רייען שטייַף און פעסט.
און ס'הילכט א פילמיליאָניק קאָל:
—אראָפּ,
אראָפּ,
אראָפּ די הענט
מיט בלוטיקן פארמעסט!..
ווערסאל,
פאריז,
זשענעוו,
לאָזאַנ...—
איר מינעוועט די גאַנצע ערד
און פלאַנצט א טויט־געוויקס.
נאָר פאַלן וועט בּא אייַך פון האַנט
די יאָרנלאַנג געשאַרפטע שווערד,
דער אָנגעצילטער ביקס!

ס'איז הייַנט נישט נייַנצן־פערצן! ס'איז
פון ערשטן פינפיאָר גרויסער שלוס,
און צווייטער איז באַם שוועל...

און קאָמוניזם ברויזט און גיסט
דורך אופגעריסן־בריטן שליוזן
פון אופגעוועקטער וועלט!
אלציינס, ווי ס׳הייסן דאָרט די שלעק—
צי ברוינ,
צי בליום,
צי גאָרגולאָוו
צי טראָצקי, צי קאפּ...
ווי יונגע דאָמנעס ברענען טעג
און גליִען אויס דעם גרויסן סאָפּ,
דעם הייסן לעצטן קלאפּ!

און ס׳וואכט די לענינשע פּארטיי,
און קים מיט א בודיאָנע־ליד
בא בויונגען האלט וואכ...
איר זייט
א בלוטיקן פארזיי,
נאָר איר אליין וועט זײַן דער שניט
אפ הייסן פעלד פון שלאכט...
איז האנט אין האנט
און פוס אין פוס,
און הויך דעם פויסט,
און הויך דעם קאָפּ,
מארשירן מיר הײַנט פעסט.
איז דונער, לאנד,
מיט פולער ברוסט:
—די הענט אראָפּ,
אראָפּ,
אראָפּ
מיט בלוטיקן פארמעכט!

# כאסינטאָ.

געווען א הייסער באָלשעוויק
דער פלייציקער כאסינטאָ.

דאָס קעמערל פון זײַן פאבריק
האָט ליב און רום פארדינטע,

ער לייענט לענינען און שטײַגט,
און ווו א קאמף, און ווו א שטרײַק—
איז אומעטום כאסינטאָ.

ער האָט א ווײַב און קינדער צוויי,
און ליבט זיי טיף און ליכטיק.
נאָר ליכטיקער איז די פארטיי
באם רודער פון געשיכטע...

איז וואָס איז קינד און אייגן לײַב,
און וואָס איז שטילע, גוטע ווײַב,
ווען ס'רופט דער קאמף כאסינטאָן?

א ווונד אן אָפענע אפ טעג—
דער הונגער ברענט און בלוטיקט.
און פאָרשטעט לאָזן זיך אוועק
אין הונגערמארשן מוטיק.

און ס׳האָבן קראָמ און מארק פאר זיי
פארפאנצערט זיך מיט פּאָליציי—
וועט זיין אינ שטוב כאסינטאָ?!

האָט שטיל געוויינט די פרוי פאר שרעק,
און ס׳הארצ האָט זיך געקאָרטשעט,
ווענ ס׳איז דער מאנ פונ שטוב אוועק
אינ אופגעבּרויזטע פאָרשטעט.

און ס׳רייסנ מאכנעס זיך פאָרויס,
מיט פלאמ אינ הארצ, מיט שטאָל אינ פויסט,
און ס׳שפאנט פאָרויס כאסינטאָ!

דער ארבעטער האָט נויט און מוט,
די פּאָליציי האָט ביקסנ.
עס פארבנ שטיינער זיך מיט בלוט,
און גרויל אפ גאסנ וויגט זיך.

א כיטרע קויל פייפט דורכ געשווינד...
עס וועט אהיימ צו ווייב און קינד
נישט קומענ מער כאסינטאָ!

א רויטער קאסטנ וויגט זיך וויי
אפ הארטע הענט געטריי.
עס שיט די זונ פונ בלויער הייכ
מיט הויפנס העלן פייער.

א מאכנע שפּארט פאָרויס און ברויזט,
און יעדער שווערט מיט הארטנ פויסט
באמ קייווער פונ כאסינטאָ.

פארמאכט די גרוב. די ערד איז שווארץ.
און ס׳קניִען רויטע פאָנען.
און יעדער טראָגט אוועק אין הארץ
א ברוינעם קלוגן פאָנעם...

און לעבן וועט נאָך לאנג, נאָך לאנג
אין רויטן וואָרט און אין געזאנג
דער מוטיקער כאסינטאָ!

און יעדן יאָר מיט שטאָלץ און וויי
וועט פאָרשטאָט ברענגען בלומען...
און יעדן יאָר וועט אין פארטיי
א נײַע מאכנע קומען.

און שפּײַען שארף דעם פּײַנט אין בליק:
—נא, זע, כאסינטאָ לעבט צוריק
אין הונדערטער כאסינטאָס!..

# די באַלאַדע וועגן דינקע דער קאָמיוגיסטקע.

1

ס'איז דינקע ברוין און שלאַנק און קלוג,
א דרייסטע און א פעסטע.
זי איז צוויי יאָר שוין אין קאָמיוג
א קעמפנדיקע שוועסטער.
איר טאָג עסט אוף די ניי־פאַבריק,
נאָר דורך די נעכט—זי פלעכט א שטריק,
א טליע פאַר די הענקער.

ווער שרייבט אזוי אן אופרוף אָן
מיט האַרץ און ברען, ווי דינקע?
און ווער גרייט צו אזוי א פאָן,
ווי אירע הענט די פלינקע?

די שמאָלע הענט, די שטייפע הענט,
וואָס ציגדן אָן באַנאַכט די ווענט
מיט ברענענדיקע שטערן...

און ווער קאָן נאָך אזוי מיט רייד
דערמוטיקן, ווי דינקע?
און ווער ברענגט מיט אזויפיל פרייד
אַפ רויטע „וועטשערינקעס"?

און ווּעמעס אויג איז אַזוי הייס,
און וועמעס האַרץ איז אַזוי דרייסט—
א ווילדע שוועסטער דינקע!
נאָר הענקער וויל איר הייסן גאַנג
פאַרצאַמען הינטער גראַטע—
און ס׳גייט שוין נאָך נאָך דינקען לאַנג
א יונגער פּראָוואָקאַטער.

ער גייט איר נאָך גאַלאַנט און פיין,
און קריכט מיט איר אין רייד אַריין,
און שווערט זיך איר אין ליבע.

און גייט איר נאָך, און ווערט אַליין
מיט הינטיש האַרץ פאַרפלאָנטערט...
און ער איז יונג, און ער איז שיין,
א שלאַנקער און א בלאָנדער.

איז אָפּטמאָל ליב, אַז ער באַגלייט,
נאָר ס׳איז דערווייל נאָך לאַנג די קייט
צווישן הונט און דינקען...

2

ס׳גייט אויגוסט אויס, און אונטערערד
דעם זיבעצעטן „ציוט" גרייט,
נאָר הענקער האָט א שאַרפן שווערד
פאַרמאָסטן איבער צוגרייט...

די פאָרשטאָט איז גאָר שאַרף באַוואַכט,
און מאַכנעסווייז מע שלעפּט באַנאַכט
אין טפיסע קאָמוניסטן.

און איינמאָל איז א בלויער שאָ,
ווען ס'האלט דער טאָג אין זינקען,
קומט שטיל א כאוועד פון ביוראָ
און זאָגט אזוי צו דינקען:

—מיר ווייסן שוין, ווער ס'איז דער העכט,
וואָס מאכט אונדז אזוי פלינק „צורעכט".
דו דארפסט די קייט פארציִען...

ס'ווערט דינקע בלייך, ס'ווערט דינקע רויט
און בייַלט די הענט די פעסטע,
און אונטער ברוינער צארטער הויט
לויפט דורך א לייַכטער פרעסטל...

און באלד בליט אוף א פרייד אין בלוט.
און דינקע זאָגט צום כאוועד:—גוט!—
און דריקט זייַן האנט און שמייכלט.

אפ מאָרגן, דינקע פון פאבריק
אהיים גייט שטיל, פארמאטערט.
אנטקעגן איר אפ שמאָלן בריק
קומט אָן דער פראָוואָקאטער.

ס'איז דינקע פרייַנטלעך הייַנט אזוי...
און ס'טראכט דער שפּיאָן:—דאָך פּאָרט א פרוי—
געדולד און ליבע זיגן...

און ס'גייט דער שפּיאָן אהיים מיט פרייד
און ווארט אפ נאכט און שאָטן.
ער האָט געדולדיק לאנג געזייט—
און ס'וועט דער שניט געראָטן...

זי האָט נישט „יאָ״ געזאָגט, נישט „ניין״ —
איז וועט זי קומען היינט צו גיין!
וואָס איז: ער קען נישט פרויען?..

... ס׳איז נאכט אפ וואלד — א שווארצע טוך,
און ס׳ברומט באם וואלד אין הארצן...
אפ שמאָלער סטעזשקע שלייכט זיך דורך
א שלאנקע פרוי אין שווארצן.

... א הייסע האנט אפ דינקעס האלדז,
נאָר ס׳עקלט ווי פון נאס אין קאלטס.
דאָך צערטלעך איז זי, דינקע...

ער טוליעט צו איר ברוסט דעם קאָפ,
— אָ, זיסע מעכאשייפע!
זי לאָזט די וויעס אים אראָפ
און גלעט דעם רעכטן שלייפ אים...

די אויגן צו... ער ברומט: „געשמאק״...
און מיטאמאָל... — א קורצער קנאק,
א קורצער בליץ — און פארטיק!

און מאָרגן, אין דער בלויעד שאָ,
ווען ס׳האלט דער טאָג אין זינקען,
קומט שטיל דער כאווער פון ביוראָ
און זאָגט אזוי צו דינקען:

— דער קאָמיטעט מיט דיר איז שטאָלץ:
דו האָסט א הארץ — פארגליטן שטאָל. — —
איז דינקע בלייך און שמייכלט...

# 27 דעקאַבער 1927.

דאָס איז דאָך, דוכט זיך, נעכטן ערשט געווען;
אַ זוניקער פרימאָרגן אַזאַ לינדער,
איך קויף אַ מאָרגן־צײַטונג — און איך זע...
און ס'ווערט מײַן אויג געשלאָגן מיט אַ בלינדקײַט.

און ס'טאַנצן אַלע נערוון אין מײַן האַנט,
און מײַנע לונגען קאָרטשען זיך און ווערן שמעלער...
— עס וואַלגערן זיך שטום אַף שנייען בײַ אַ וואַנט
פיר קעפּ, אַזעלכע טײַערע און העלע!

איך כאַפּ דעם אָטעם קוים און קלעם צונויף דאָס בלאַט,
און לייען שטום מיט נעפּלדיקע אויגן.
אָ, היים, מײַן היים! האָסט ווייניק אומגליקן געהאַט,
וואָס ס'האָט אַ נאַכט אַזאַ זיך איבער דיר פאַרצויגן?!

פאַרצויגן — און די העלסטע שטערן פיר
פאַרבלוטיקטע געוואָרפן אַף די שנייען;
און פאַנען שוואַרצע וויייען איבער דיר,
ווי שוואַרצע דעקטיכער אין ווינט אַף מייסים וויייען — — —

איז שוין נישטאָ פּאָזשעלאַ מער, און געדריס — שוין נישטאָ,
און גרײַפנבערג, און טשאַבני — מער נישט טעטיק?!

אָ, ברידער, ס'האָבן יאָרן אײַך פאַרייניקט, און איין שאָ
מיט אײַער הייסן בלוט האָט אײַער בונד באַשטעטיקט!

די קעפּ די בליציקע פון יאָסיפ און פון ראַפאַיל,
די ערנסט־קלוגע קעפּ פון קאַזיס און פון קאַרל —
זיי ליגן אפן שלאַכט־פעלד אויסגעלאָשן שטיל,
און איבער זיי — א שרײַענדיקע קראָען־כמאַרע!

און וואָס, אז כ'האָב געראַטעוועט מײַן קאָפּ
צו טראָגן ווײַטער אים אנטקעגן פרייד און טליִעס!
און וואָס, אז אַרגענטינער זון ווישט אָפּ
מיט פינגער וואַרעמע די טרער פון מײַנע וויִעס!

ס'איז ווינטער אין מײַן לאַנד, אין מײַן געקעפּטן לאַנד,
און פינצטער, ווי אין שפּעטיאָר אין א קעלער,
און ס'וואַלגערן זיך שטום אין שנייען בא א וואַנט
פיר קעפּ, אזעלכע טײַערע און העלע!

———

הײַנט באַנאַכט, ווען אַלע וועלן שלאָפן,
אײַנגעטוליעטע אין וויכן פּוך פון רו,
וועלן מײַנע אויגן זײַן נאָך אָפן,
וועלן מײַנע אויגן בלאָנדזשענע ערגעצוווּ.

וועל איך זען — אף ווײַטע ווײַסע פעלדער
קוקן שטערן הויכע מילד און קלוג,
און עס ציִען זיך שערענגעס העלדן
אין אַן אויסטערלישן פאַקלצוג.

שטום און ערנסט ציִען זיך די מאַכנעס,
יעדער האַלט א האַמער צי א סערפּ,
און די פרײַע האַנט — פאַרפּויסטיקט; א פאַרמאַכטע
האַמערט אויס אין לופט — א פינפעק־הערב...

װעל איך פֿרעגן: — ברידער, װוּהין ציט איר? —
װעלן אויגן אָפּװינקען צו מיר:
— אונטער קאָװנע שײַנט א פֿינפֿעק א צעגליטער,
גייען מיר אים צינדן איבער איר!

װעל איך זאָגן: — מאמע, גיב א האמער! —
און די פֿרײַע האנט — פֿארקלעמען אין א פֿויסט,
און װעל גיין אין פֿאקלצוג צוזאמען,
זען, װי רויטער שטערן שװימט ארויס — — —

הײַנט באנאכט, װען אלע װעלן שלאָפֿן,
אײַנגעטוליעטע אין װייכן פּוך פֿון רו,
װעלן מײַנע אויגן זײַן נאָך אָפֿן,
װעלן מײַנע אויגן בלאָנדזשען ערגעצװוּ.

## און דו ביסט שוין נישטאָ.

צי זאָל דאָס עמעס זײַן — אַז דו ביסט שוין ניטאָ,
און ס׳לײַכט שוין ניט דײַן בליק, דער ליכטיק־בלויער,
אַז ס׳האָבן טעמפּע זעלנער־טריט אין ווינטער שאָ
דײַן בערגל אויסגעגלײַכט מיט ערד מיט גרויער?!

ווי לאַנג איז דאָס געווען? — באַם בלויען ניעמאַנס ראַנד
געזעסן זײַנען מיר און, קוקנדיק אין ווײַטן,
אַף אויסווייניק צונויפגעשטעלט דעם פּלאַן
פאַר אונדזער אומלעגאַלער רויטער צײַטונג.

עס האָט אין אָוונט־שײַן געלײַכט דײַן בלאָנדער קאָפּ,
און פרילינג האָט געווייט מיט פרײדיקע פאַרלאַנגען —
ווי קאָן דאָס עמעס זײַן, אַז אָט דער בלאָנדער קאָפּ
איז אַ צעקראַמפּטער אַף אַ שטריק אַראָפּגעהאַנגען?!

און ווערסט שוין מער נישט זײַן, און קיינער וועט קיינמאָל
ניט זויגן מער דעם טוי פון שמייכעלע דײַן קלוגן,
און אַז ס׳וועט עמעצער „איסאַק״ אַרויסריידן אַמאָל,
וועט טרויעריק דעם קאָפּ אַראָפּלאָזן קאָמיוגנט.

אָ, היים מײַן ליטווישע! נעקאָמע פאַר דער שאָ,
וואָס האָט דיך אָפּגעטונקט אין שטומען, שווארצן טרויער!

איסאק! ס'איז ליגן דאָך, אז דו ביסט שוין ניטאָ,
אז ס'לײַכט שוין ניט דײַן בליק דער ליכטיק־בלויער!

ס'האָט עמעץ אויסגעטראַכט א ביטערן קאָשמאַר,—
ער וועט צעשווימען באַלד אין שײַן פון רויטע צײַטן.
איך זע דיך טאנצן נאָך מיט פײַכטן עקזעמפּליאַר,
מיט ערשטן עקזעמפּליאַר פון אומלעגאַלער צײַטונג!..

# באנאכט.

שווערע, שרײַענדיקע טריט און שיקערלעכע שטימען,
א ביקס מיט טעמפּער זײַט אין טיר האָט אָנגעקלאַפּט,—
האָט נאכט דערשראָקענע פון שלאָף זיך אופגעכאפּט
און פּאָליציסטן פינף ארײַנגעלאָזט אין צימער.

איז בלייך געוואָרן מאַן, און ס'האָט געשוידערט די פרוי,
„ס'איז קאַלט אזוי פון שלאָף"...—האָט זי געזאָגט מיט ציטער:
און ס'האָט דער קאָמיסאַר אַן אַלטער, א געניטער,
מיט שמייכל שפּיציקן געשטאָכן זי אזוי———

באַלד האָבן ווענט געקנאַקט און שטום געקרעכצט די דילן,
געארבעט האָבן ראָצכיש האַק און שפּיז.
און ס'קינד, וואָס איז געשלאָפן שטיל און זיס,
האָט אופגעוואכט מיט א געוויין א שטילן.

אין בעטעלע געזעצט זיך און דערזען:
אזויפיל בייזע מענטשן דאָ אין קאַמער,
און אלע שרײַען זיי אף טאַטן און אף מאַמען—
און נישט געקאָנט פארשטיין, וואָס איז געשען.

און האָט דערזען—עס וואלגערט זיך צעטראָטן
אף דיל איר ליאַלקע אינעם ראָזן קלייד,

די הענטעלעך צעוואָרפן אין דער ברייט,
און ס׳פאַרצעלייען קעפּעלע צעשאָטן...

האָט טעכטערל פּיריאָריקס זיך צעשריגן,
צעקלאָגט זיך צווישן ווונדנפולע ווענט,
און מאמע האָט מיט ציטריק־קאַלטע הענט
געגלעט דאָס קינד און ניט געקאָנט פאַרוויגן.

— „אָ, וויין ניט, קעצעלע, עס האָט דיך מאמע ליב״—
און מאמעס הארץ געוועוּן אין בלוט פאַרגאָסן.
עס האָבן קייטן טאַטנס הענט געשלאָסן,
און בלייך האָט ער געביסן שטום א ליפּ!

— „איך ווייס שוין איצט, די גאַנצע שולד ס׳איז וועמענס!״—
האָט בייז געברומט דער גראָבער קאָמיסאַר.
און ס׳האָט אין זיינע הענט געקאָרטשעט זיך פאַר צאַר
אַן אַלטער עקזעמפּליאַר פון מאָסקווער „עמעס״———

— „און זי נעמט אויך!״—
האָט מאמע שטום אין שרעק.
א קוק געטאָן און ס׳קינד אַפּ הענט גענומען,
האָט קאָמיסאַר א בליק געטאָן א קרומען:
— „ניין! ס׳קינד גיט אים, דעם פּאָליציסט, אוועק.

ער וועט עס שוין בא עמעצן פאַרזאָרגן.
עס איז דאָך אומשולדיק דאָס קליינע קינד,
און ס׳דאַרף ניט ליידן טאַטע־מאמעס זינד״...—
און ס׳האָט א קייט אויך מאמעס הענט פאַרוואָרגן!

איז מאמע שווער געפאַלן אַפּן שוועל,
און טאַטע האָט געברומט, ווי א פאַרקלעמטע כייע,
און ס׳קינד האָט, הייזעריק, שוין ניט געקאָנט מער שרייען,
און טאָג האָט שוין געגרויט אַפּ שווארצער וועלט.

# ס׳איז מירקע „קראנק״.

... „ס׳איז מירקע קראנק.
איר קרענק וועט לאנג געדויערן:
פון דריי־פיר יאָר שפּיטאָל איז אָפּגערעדט...״ —
דערציילט א בריוו,
און כ׳זע מיין מירקעס „קראנקע בעט״ —
א הארטע נארע הינטער דיקע מויערן.
א פענצטערל מיט גראטעס באַם סופיט
צעשניידט א שטיקל שיין אף דינע פירעקן...
אינ „אויג״ פון טיר —
אנ אויג א שפּיציקע, א גיריקע
עסט איין זיך אלעוויל און היט...
און מירקע מעסט מיט קליינע לייכטע טריט
די ברייט און לענג פון איר „שפּיטאָל״־צימער
און זינגט א ליד.
דער וועכטער הערט עס ניט,
נאָר דורכן בריוו דערגייט דאָס קאָל צו מיר...

ס׳פלעגט מירקע זינגען הויך —
זי האָט א הילכיק קאָל.
אף דעמאָנסטראציעס פלעגט זי צודעקן דעם כאָר.
און אז עס פלעגן שוין די קאנטשיקעס און שווערדן־שטאָל

צעפּאַסעוועט, צעשנײַדן אונדזער ליד,
פֿלעגט מירקעס קאָל
נאָך אַלץ מיט קלינגענדיקן קלאָר
זיך קײַקלען איבער קעפּ
און פּרוּוון זיך צוריק צונויפֿקייטלען דעם כאָר.
ס'איז מירקעס קאָל געווען
דער קאָל פֿון קאָמסאָמאָל — —. —
און איצט, און איצט—איז מירקע אין „שפּיטאָל"—
אין טויבע טפּיסע־ווענט אין לעטישע...

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

א קאָמיוגיסטקע א סאָוועטישע
האָט אף מײַן טיש געזען דעם בריוו מיט מירקעס „קרענק",
פֿאַרטראַכט א ווײַלע איבער צימער אומגעשפּאַנט,
און נאָכדעם
מיט א יונגער שטײַפֿער האַנט
א בלאָנדן קרויז פֿאַרשאַרט פֿון שטערן אפֿן קאָפּ
און מיר א זאָג:
—„איר האָט שוין,
כאַווער,
זיך באַשטײַערט פֿאַרן „מאָפּר"?...

*

ס'האָט היינט די פּאָסט געבראַכט מיר אַ פּאַקעט
פון אַרגענטינע־לאַנד, דעם זוניקן און שוואַרצן...
אַ ביאָגראַפיע, בריוולעך, אַ פּאָרטרעט...
איך קאָן דאָך אים... וואָס ציטערט עס אין האַרצן?

עס שלינגט מיין אויג... און ס'קנוילט זיך אַ געוויין,
און בלייבט פאַרשטשעמעט אונטער הויט פון האַרטע יאָרן...
אַ צושריפט אויפן העפט:—איך שיק דיר דאָ, בלאָשטיין,
מיין ברודערס בילד און אַ באַריכט אַ קלאָרן...

באַשרייבט עס אין אַ ליד. עס האָבן אים די הינט
דערשאָסן באַם פאַבריק, ווען ס'האָט דער שטרייק געפלאַקערט.
נאָר פאַרן טויט האָט ער באַוויזן נאָך געשווינד
אַריינהאַקן אַ קויל דעם באַלעבאָס אין נאַקן.

און איך, און אונדזער טאַטע (קענסט דאָך אים: ווי שניי,
שוין ווייס דער קאָפּ)—מיר האָבן זיי געענטפערט,
ווי ס'פּאַסט פאַר אַרבעטער: אַריין אין דער פּאַרטיי,
וואָס פירט אין לעצטן שטרייט און זעט די גרויסע
ענד פאַר"...

איז האַלט איך דעם פּאַקעט און הער פאַרטראַכטערהייט,
ווי ס'גייען ביידע שטאָלץ דורך שטורעמדיקע ווייטעג...
און עס שווימט אַרויף אַ ווייטעק אויף דער פרייד,
און עס שווימט אַרויס די פרייד איבערן ווייטעק...

## ליסט *).

אין מײַן האַרץ הײַנט ווי זיך קאָרטשעט,
נאָר דער צאָרן פרישט...—
ס'פּראָוועט מײַן זיקאָרן יאָרצײַט
נאָכן כאַווער ליסט.

קאָמאַנדירן הערט מען, קען מען,
פּראָסטע זעלנער—ניט...
ליסט! דאָס ערשטע מאָל דײַן נאָמען
קלינגט הײַנט אין אַ ליד!

קורץ און פּאָשעט דײַן געשיכטע,
טויזנט מאָל געשען...
אונדזער פאָן איז הויך און ליכטיק
אין דײַן האַנט געווען!

הענט אַזעלכע הײַנט—מיליאָנען,
בײַניק, האַרט, פאַרברענט...
ווער־זשע וואָלט דײַן האַנט דערקאָנען
אינעם יאַם פון הענט?

---

*) צום יאָרצײַט פון מײַן כאַווער יאַנקל ליסט, דעם אַרבעטער־קאָמוניסט, דער־מאָרדעט אין אַ גאַסן־צוזאַמענשטויס אין אַרגענטינע.

*

און ס׳איז יעדע האַנט פֿאַרמאָסטן,
ווי אַ שווערד, וואָס בליצט...—
נאָר איך האָב דײַן פֿויסט דעם פֿראָסטן
זיך אין זין פֿאַרקריצט,

און ער שפּריצט מיט קורצע שטראַלן
ווי אַ שטיין אַף שטיין...—
יאַנקל ליסט! דו ביסט געפֿאַלן
מיט פֿאַרפֿרעסטע ציין,

מיט פֿאַרשטשעמעט שאַרפֿער סינע
טויט זיך אײַנגעקראַמפּט — — —
אין דער ווײַטער אַרגענטינע
אין אַ גאַסן־קאַמף!

איך האָב נאָענט און ליב געקענט דיך,
הויכער, ברייטער ליסט,—
איז ווי נאָר מײַן האַרץ דערמאָנט דיך,
בלוטיקט דאָרט אַ ריס...

און ווי נאָר אין לענדער שוואַרצע
פֿאַלט אַ ברודער—קאַלט,
קליידט ער אָן זיך אין מײַן האַרצן
באַלד אין דײַן געשטאַלט...

## קיטײַ.

אפ שמאָלן גרענעץ־ראנד,
צווישן אופגאנג זוניקן אין אונטערגאנג,
אין פיבער־צאפל, ווי א נערוו א ריזיקער,
אין פײַנטלעכער דערוואַרטונג שטייט
קיטײַ,
און קוקט מיט אויגן אופגעריסענע
פאר פײַן, פאר האס און שרעק,
ווי אפ די גאסן זײַנע וואלגערן זיך קעפ
מיט בלוט פארבאקענעם באם אָפגעפליקטן האלדז.
מיט ניט דערשריִענעם געשריי:
— „מיר ווילן פרײַ זײַן, ווילן מיר!
מיר ווילן מער ניט זײַן קיין קנעכט!
מיר ווילן רעכט
אפ ברויט און לופט צו זאט!
מיר וויל— — — !"
וואלגערן זיך קעפ,
אראָפגעהאקטע, אופגעלויכטע קעפ,
ווי זונען אויסגעריסענע פון מיטן טאָג,
און אויגן קרומלעכע, פארשטארטע, קוקן ווילד,
און ס'שײַנט אפ זייער גלאָז
א מעוויִעמדיקע שײַן— —
און אלע ווײַלע ציטערט אוף די ערד מיט שטומענ ברום,

ווי ערדציטער וואָלט רײַסן דאָרט איר בויך
און לעכער אופברעכן
פאר צײַטיקדיקן פלאם,
פאר רויטן פלאם
אפ געלן לאנד.
און ס'הערט מיט אופגעשפיצטע אויערן
קיטײַ:

—ס'איז ניט דער דונער עס פון א קאנאָן,
נאָר פון דער זײַט פון דאָרעם־שטאָט קאנטאָן:
דאָס האָבן מוירעדיק צעדונערט זיך
טרומייטן ריזיקע פון גרויסן טאָג,
וואָס קומט!

און עמעצער,
א געלער, אָרעמער, פארהארטעוועטער מאן
שטעלט אָפ אין אָוונט זיך
בא אויסשטעלונג פון הונדערט טויטע קעפ
אין אָרעמען קווארטאל,
און לאָזט אראָפ דעם קאָפ,
און לאָזט אראָפ דעם ברענענדיקן בליק,
און בײַסט די ליפן אײַן די הונגעריק־פארטריקנטע,
און פרעסט דעם פויסט צונויף
דעם ביינערדיקן, ערלעכן,
און שיפעט שטום ארויס:
—דו וועסט ניט אויסקויפן דײַן מערדערישן קאָפ
מיט אונדזערע אראָפגעהאקטע קעפ!
דײַן גורל איז געכאסמעט לאנג שוין:—
טויט!
און רעשטלעך שווארץ־פארבלוטיקט האלדז
בא אָפגעהאקטע קעפ
מיט שטומען ווייטעק ברומען מיט:
—דו וועסט ניט אויסקויפן דײַן מערדערישן קאָפ!

הייבט אוף זיך, ווי א שווארצער ראָב,
דער פלוך
אין אָוונט־שייַן צווישן אונטערגאנג און זון,
און פליט אוועק אפ דאך
פון אויסלאנדשן קווארטאל—
און ס'שרייַט אין ווייַט אריין דער שווארצער ראָב
אזא געשריי—
און ס'צינדט זיך אָן
דער רייַכער אויסגעפוצטער דאך,
און ס'שטרעקט זיך אויסעט דאָס געשריי אריבער נאכט.—

א שפעטנדיקער צונג
צו שיפן— רויב־פייגל געפאנצערטע—
אפ נאָנטן יאם!— — —
פארזאמלען הענקער זיך אין רייַכסטן קאבארעט,
מיט אויגן בלאָנדזשענדיק־צעשראָקענע און שרייַען:
— היי, לאקיי!
דערלאנג אונדז ווייַן—וואָס שטארקערן!
און פרויען שיק—וואָס הייסערע!
און זאָל אונדז די מוזיק וואָס ווילדער דונערן!
און זאָלן טענצערנס האלב־נאקעטע
פארוויכערן, פארשווינדלען אונדז דעם קאָפ,
פארטאנצן אונדזער מוירעדיקע שאָ!

און אפן דאך דער שווארצער ראָב,
אפ פגירעווארטנדיק,
הערט אלץ ניט שרייַען אוף
און איבערשרייַען
ווייַן, מוזיק און ברענענדיקן לייַב:
— דו וועסט ניט אויסקויפן דייַן מערדערישן קאָפ
מיט אונדזערע אראָפגעהאקטע קעפ!
דו וועסט ניט אויסקויפן. — — —
ב.־אייַרעס, 1927

## כּואַן זשאָרקע רעדט!

עס רעדט דער גרויער
פינפונזעכציק־יאָריקער,
ברייטפּלייציקער, געזעצטער פישער
כּואַן זשאָרקע,
וואָס האָט שוין שטורעמס צאָרניקע,
אַף כוואַליעס און אַף גאַסן אופגעריריטע,
ניט איינמאָל אויסגעהאַלטן—
און אַרויס נאָך פרישער,
און מיט מערער קלאָרקייט.
שטייט ער איצט, אַ מעכטיק־אַפּלאָדירטער,
און צוואַנציק טויזנט פּראָלעטאַריער אורוגווייער
וואַרפן היטלען אינדערהייך און שרייען:
— זאָל לעבן אונדזער זשאָרקע!
און זשאָרקע זאָגט און האָט אַסאַך צו זאָגן:
שוין פינף און זעכציק יאָר אַף פּלייצעס אויסגעטראָגן,
און איבער פערציק יאָר שוין, צייט זיין נעץ
פאַרזינקט טאָג־איין, טאָג־אויס
אין מעכטיקן געברויז
און קומט צוריק מיט רייכן פאַנג
פון שטרייקן אויסגעשפּילטע,
פון קאַמפן פּראָלעטאַרישע, צעשפּילטע—
און מיט פּערלדיקער קלאָרקייט פון געדאַנק!

דער אַלטער זשאָרקע
טראָגט אין יעדן קנייטש
פון גוטמוטיקן פּאָנעם
אַן אַנדער העלדיש מייַסעלע פון גרויסן בוך,
וואָס הייסט:
— דער קאַמף פון אורוגווייַער אַרבעט־קלאַס
מיט זייַנע סאָנים!—
איז טאַנצן פּערציק טויזנט הענט פאַר פרייד און שרייַען
מיט אַזאַ מאָזאָליעדיקער, קלינגענדיקער קלאָרקייַט:
— זאָל לעבן אונדזער טרייַער
כאַווער זשאָרקע!
דער אַלטער אויסגעפּרוווטער זשאָרקע רעדט!
און פּלוצים—
צעקלינגט זיך דער אַנטקעגנדיקער קלויסטער,
צעהאַווקעט זיך מיט טיפער בילערייַ
פון שעקערדיקע, שיקערדיקע גלעקער...—
פאַרדריקט דער אַלטער פישער ברוינע פויסטן
און שטרעקט זיי אויס אַנטקעגן
ציילעמדיקן הימל־אונטערלעקער—
ווי האַמערס צוויי—צו זעצן און צו טרעפן,—
און ס'אַלטע קאָל שרייַט איבער אַלע קלונגען,
און ס'אַלטע קאָל האָט יונג אַזוי געזונגען:
—„היי, שוואַרצע באַנדע, הערט!
ס'וועט קומען נאָך אַ טאָג
אַף אונדזער אורוגווייַער ערד,
און כ'וועל אַ כאַפּ טון פאַרן האַלדז דיך,
ליגנערישער גלאָק!
און קוילן וועל איך פורעמען פון דיר,
צו שיסן און צו שמעטערן אָט די
(די פעסטע האַנט, זי טייַטלט אַף די פּאָליציי)
און דעם
(דער גרויער קאָפּ זיך טוט אַ נייג צום־פּאַרלאַמענט)!

און ווי וועט זײַן צו יענע צארטע, פעטע הענט
אין אונדזער קײטנקלעם — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — —

ס׳לאכן פריילעכע צוואנציק טויזנט בראווע ברוסטן.
און דאָ, און דאָרט
אין ריי פון רײַטער־פאָליציי
טראָגט דורך זיך א נערוויייש הוסטן —
ס׳האָט זשאָרקעס וואָרט
געשטעלט זיך עמעצן אין האלדז.
און דאָ און דאָרט
א פאָליציייש־אָפיצערסקע האנט,
וואָס שפארט די הענטשקע־נעט
מיט איבערפלוס פון שמאלץ,
כאפט זיך אינסטינקטיוו צום פיסטאָלעט — — —
— — — — — — — — — — — — — —

דער אלטער אויסגעפּרוּווטער קעמפער זשאָרקע
רעדט!

## ווּ ס׳וּוּינט די אָרעמקײַט.

אינ אונדזער פארפראצעוועטער פאָרשטאָט
פרעש אפּ זומפּנדיקע שימלענ שפּרינגענ;
אונ ס׳שפּאצירנ שטשורעס אום אונ פאָרשנ,
ווּ מע קאָנ א ביסנ כאפּנ גרינגער.

אונ עס וואלגערנ זיך הינט־אונ קעצ־פּעגירעס
ביז דער קווּרע עטלעכע מעסלעסנ:
האָבנ ווערעמ אי אומזיסטע דירעס,
אי אומזיסטיק פליישיק־זאטנ עסנ.

זינגענ אינ די זומפּיקע פארנאכטנ
גאנצע כמארעס פליגנ אונ מאָסקיטנ—
אונ אפּ מענטשנ־לײַבער מיד־פארשמאכטע
בליִענ ווונדנ—פײַערלעכ צעגליטע.

קראצנ נעגל מיט א פײַנלעכער האנאָע
הענט אונ פיס, אונ בווזעמער אנטבלויזטע,
אונ מיט שווערקײַט, אונ מיט טרויער אָנגעלאָדנ,
דריקט די לופט דעמ אָטעמ, ווי אינ פויסטנ.

לויפנ קינדער אום צעדארט אונ אָפּגעריסנ,
שפּילנ זיך אונ קראצנ אונ נערווירנ...

און אפ הענטלעך—ביינדלעך, און אפ פיסלעך
רויטלען זיך און שווארצן זיך געשווירן.

פאלן מענטשן אָפּט אוועק אפ וועג אינמיטן—
און פארקרימען זיך אין שטערבלעכע האוויַעס,
און עס ציִען זיך צו נאָנטער טשאקאריטא *)
שטילינקע און קליינינקע לעוויַעס.

---

*) בוענאָס-איַירעסער בעסוילעם.

## פריש מילך.

א קליינער ארגענטינער זונפארברוינטער יונג
טרײַבט א הערטל קי אפ אָוונטיקע גאסן;
און ס'וויגן גלעקלעך זיך מיט גלײַכגילטיקן קלונג
אפ העלדזער קײַשע, אפ רימענדיקע פאסן.

עס טראָגט דער ברוינער יאט איין קענדל אין די הענט
און ס'באָמבלט זיך א צווייטס באם גארטל איבער הינטן;
און דאָ און דאָרט באם טיר—א קינד פון א קלײַענט
קוקט נײַגעריק זיך צו צום בעהיימישן געזינדל.

עס ארבעט פלינק דער יאט, ער קאָן זײַן ארבעט וויל—
און ס'שוימט דאָס מילך אין קענדל אונטער אײַטער,
און קעלבלעך שטום, מיט שלאָס מיט לעדערנעם אפ מויל
קושן טרויעריק מיט אויג די מאמעס זײַטן...

און ס'זיפצן קי מיט לאנגן טיפן „מו",
און אויגן קעלבערשע—א טעמפער הונגעריקער יאָמער—
פארוואָס—ווען כ'זע אָט די פארדינערקע, די קו,
פלאמט אוף אין מיר דער הונגער פון נעקאָמע?

און ס'דוכט מיר אלץ, אין ווײַסן שוים איז—סאם
פון בידנעם קעלבלס בלוטן אויסגעמאָלקן...
עס איז מײַן מאמע דאָך געווען אמאָל אן אם,
און ס'איז געווען מײַן קינדהײַט הונגעריק־פארוואָלקנט.

## גרינע אפ „פלאסע רעטיראָ".

אינ בראָטנדיקער היצ פונ זומער ארגענטינער,
אפ פאלמיקנ ר ע ט י ר אָ - פ ל א צ, צוקאָפּנס בא די בלומענ,
זיי זיצנ שורעסווייַז — די ברידער מייַנע גרינע,
די קעפּ אראָפּגעלאָזט, פארמאטערטע, אונ שטומענ.

מיט היטלענ שווייסיקע אפ קעפּ, צי אפ די קניִענ,
אינ גרויע סערמיגעס, קליינשטעטלדיקע רעקלעכ,
אינ שווערע אָפּגעבליאקעוועטע שיכ... — אונ ס'גליִענ,
אונ ס'שמארצנ שווערע, רויטע אויגנדעקלעכ...

טראמווייַענ, אויטאָס, אָמניבוסנ טאנצנ,
אונ ס'קלאפּט דאָס הארצ אונ זוכט, גלייַכ צו א שטעקנ פונ א
בלינדנ.
אינ אימיגראנטנ־הויז, אינ שמוצ אונ פליי אונ וואנצנ,
לאָזט איבער נאכט אינ קאָפּ א גרויענ מידנ שווינדל.

פונ לענדער צענדליקער האָט בייַטש פונ נויט געטריבנ;
ס'האָט אקער נישט געהאט קיינ ערד, ווו צו שפּאצירנ;
פאבריק האָט זיכ פארמאכט, אנ אויסגעלאָשענע פארבליבנ;
פּאשיזמ האָט דעמ מארכ אינ קאָפּ פארוועהרט צו רירנ.

האָט אלע טאָג דאָס קינד געוויינט אינ צייַט פונ עסנ,
אונ ארבעטסלאָזע האנט גענאָגט האָט אונ געווייכט זיכ...

ווען לאנג נאָך דויערן, ביז היים ווען זיך פארגעסן,—
אָט איז זי נאָך דערבײַ! — כאַטש שטרעקט זיך, הענגט, און גרייכט זי.

איז היים און פרעמד פארפּלאָנטערט נאָך צוזאמען,
און ס'דרייט זיך, ווי א ראָד אראָפּ—ארויף, דער פּלאָנטער,—
אָט איז דאָס דערפּעלע, אָט איז די מאמע!
און ס'פּאָרט אין אָמניבוס א שטעטלשער באקאנטער...

אנטקעגן איז דער פּאָרט, א וואלד פון מאסטביימער און קוימענס.
א שיפ־סירענע קלאָגט מיט טרויער פון געזעגן...
און ס'מאָלט זיך נאָך דער יאם מיט פלוספעדערס פון שוימען,
און ס'ציט צוריק, צוריק צו די פארלאָזטע ברעגן.

פארטראכט מען זיך א רעגע—און דער שטייגער
פון אלטער היים בליט אוף אין פרעמדע בלומען...
נאָר ס'קלינגט אפּ פּ ל א ס ע טורעמדיקער זייגער...
—אוועק די צײַט! אוועק די פרייד! ווער ווייסט, צי ווען זי קומען!

נו, בײַסט מען אָפּ דערווײַל א שטיקעלע באנאנע,
און ס'מעסער שנײַדט פון ברויט א פּענעץ נאָך א פּענעץ,
נו, בײַסט מען צו דערווײַל, ס'איז גראָשן נאָך פאראנען,
און נאָכדעם דרימלט מען, און מע וועקט זיך מיט א געגעץ.

און ס'דרייט זיך אלץ די שטאָט אזוי און שווינדלט...
קיין ארבעט, און קיין כאַוועַר, און קיין דירע...—
אָ, שטומע ברידער מײַנע, גרויסע, טרויערדיקע קינדער,
גרינע ברידער מײַנע אפּ ר ע ט י ר אָ!

## אין זומערנעכט.

עס דרימלט זומערנאכט,
מיט טונקל־בלויענ לאסטיק
אריבער קאָפּ פארדעקט,
און אָטעמט פײַכט און הייס.
איכ ליג אפ דר׳ערד אינ מײַנ
אָנפּענצטערדיקנ קאסטנ,
און איבער לײַב
עס שנירלט זיכ דער שווייס.

מײַנ קאסטנ־טיר איז אָפּנ,
און אנטקעגנ
א בלינדע הויכע וואנט
גיט אָפּ צוריק די היצ
פונ גאנצנ טאָג.
און הימל בענקט נאָכ רעגנ
און פּרוווט אינ כאָלעמ זענ
אנ אָפּשײַנ פונ א בליצ...

א־כ אָטעמ שווער און פײַכט,
א שכיינע האָט פארגעסנ
ניט ווײַט פונ טיר א ווינדל אפנ שטריק...

(אָ, שוועסטער!
כ׳קען דאָך דיך: א קעכן און א וועשן,
א מאמע און א ווײַב,
און א „האנט“ אין א פאבריק!),
און הויך,
אפ הימלבלוי, ווי פּאָספּאָרשע אינזעקטן,
די שטערן שימערן;
און ס׳קרײַזט א זײַל פון ליכט, —
דאָס טאפּט פון סיטי־באנק
דער מעכטיקער פּראָזשעקטער
בא שטאָט אין נאכט
דעם קערפּער און געזיכט.

א קינד האָט זיך צעוויינט
אין שכיינעסדיקן קאָסטן —
פאר הונגער, צי פאר היץ?
צי ס׳צארטע גופל בײַסט? —
און ס׳כליפּעט הייזעריק א וויגל
לאנגזאם... האסטיק...
און ס׳צייכנט סיטי־באנק
אקשאָנעסדיק זײַן קרײַז — — —

ב.־אײַרעס, 1929.

# באַ אונדז אין לאַנד.

(אַ בריוו פון אויסלאַנד)

...באַ אונדז אין לאַנד—דערווײַל נאָך ווי געווען:
ס׳איז פינצטער, ענג, אַ שטיקנדיקער קאַרצער.
פון צײַט צו צײַט—אַ שטרײַק מיט רויטן ברען
צינדט אָן אַ סרייפע-אָפּשײַן טיף אין האַרצן...

עס וואָיען איימעדיק, ווי אויסגעדאַרטע וועלף,
די טעג פון פינפטן הונגעריקן ווינטער...
מיט שפּיק־אויגן געפּלאַסטערט יעדער שוועל...
אַף שוואַכע צינגער—שטילקײַט פון אַ צווינטער...

ס׳איז טיף אין אונטערערד אוועק דער שטעג,
וואָס פירט צו נײַע טעג און נײַע לידער...
מיט וואָס מיר לעבן דאָ?—מיט קומענדיקע טעג
און אײַערע דערגרייכונגען, אָ, ברידער!

וואָס האָט געביטן זיך?—יאָ, נישט פאַרגעס:
באַ מיר פּערזענלעך האָט זיך פיל געביטן—
מײַן נאָמען, מײַן פאַמיליע, מײַן אַדרעס...
געדענק עס אין די בריוו,—דו זאָלסט מיך ניט פאַרשיטן...

מײַן קלײנע טעכטערל, זי איז געראָטן, שײן.
איר נאָמען,—דו געדענקסט אים נאָך מיסטאמע?
איז הײסט זי אנדערש איצט און קאָן אלץ ניט פֿארשטײן,
מיט וואָס איז מײַע נישט קײן שײנער נאָמען...

מיר קלעפּן פֿאלשע עטיקעטן אפֿן פלאש
פֿון אונדזער שארפֿן ווײַן—מע זאָל אים נישט דערקענען...
אזוי אפֿ הײסע קוילן שיט מען אש,
קעדײ זײ זאָלן נאָכדעם זיך צעברענען...

## באַם פענצטער פון וואַגאָן.

באַם פענצטער פון וואַגאָן.
עס קוואַליעט זיך מײַן אויג מיט גרין און בלוי
און ס'גיסט זיך אָן
מײַן זינגענדיק געמיט,
ווי בליענדיקער ליפּע-בוים,
מיט זיסער שמעקעדיקער פּילונג...
און ס'איז מיר גרינג אַזוי,
ווי גאָר אַמאָל
אין ווײַטע, קינדערישע פרילינגס.

ס'האָט זיך דערשראָקן פאַרן צוג
אַ קעלבל אַ געלס, אַ קליינינקס,
צעטומלט—אָפּ
און שיר אַרופ—אַ טראַקטער אויפן ברוסט.
נישטאָ שוין דאָ קיין אָרט מער פאַר יעסעונינס—
עס גייט אַוועק די שטרויענע,
די ווערבנדיקע רוס...

מײַן גרויסע היים
פון ריזיקע, נאָך נישט פאַרענדיקטע געבײַען,
וווּ יעדע שאָ
איז אַ פאַרקנוילטער קנאָספּ

פון גאנצע אייביקייטן
שעפערישער פרייד
און אָנגעשטרענגטער מי—
איך ווייס, עס איז נאָך פרי
פאר גליק זיך צו צעשרייען;
איך ווייס, עס איז נאָך דאָ
פאָרויס אזויפיל שטרייטן—
עס טליִעט נאָך דער סוינע שטילערהייט
אין שטאָט און פעלד.

און הינטער רויטע גרענעצן—
א דראָענדיקע שווארצע וועלט!

איך ווייס, און איך בין גרייט
צו יעדער שאָ
א וואָרף טון זיך אין שטרייטן
מיט פאנצערדיקן פויסט
פון שלאָגנדיקן ליד,—
גאָר איצט אָט דאָ,
באַם פענצטער פון וואגאָן,
זיך טראָגנדיק פאָרויס
אין פרילינגדיקע ווייטן
פון דריטן באָלשעוויסטישן פארזשי—
איז עפּעס גרינג אזוי,
איז עפּעס זינגט אזוי,
און ס'שיטן זיך, ווי בלויער צוויט,
אף מיר דיווארעמע, די לייכטע רעגעס...
ווי כ'וואָלט א קינד געוועזן
און שטייען מיט אָפּגעדעקטן קאָפּ
אין גאָרטן אונטער פרילינגדיקן רעגן.
פארגיט־זשע מיר מיין לייכטזיניקע פרייד,
וואָס כ'פיר בא צארטער האנט,

מײַנ קינדהײַט זאָרגלאָזע
אינ רויש פונ בוינגעג און באַריקאַדנ.
מײַנ גרויס און העלדיש לאַנד!
דאָס איז דערפאַר אוואַדע,
וואָס ס'צײַטיקנ אינ מיר נאָכ קויכעס ניט-דערקענטע,
וואָס כ'האָב ערשט דאָ נישט לאַנג
פונ קייטנ זיכ צעפּענטעט,
און ס'האָט מײַנ לעבנ שאַרפ אזוי
און פלוצלינג זיכ געענדערט:
פונ פײַנלעכ-שווערנ גאַנג,
באַוואַכט מיט פּאָליציי,
דורכ שוואַרצע שטאַרבנדיקע לענדער
(און וויפל האָט צו אומקום מיר געפעלט דענ?)
ביז פרײלעכנ און אייגענעם וואַגאָנ,
וואָס אײַלט פאָרויס דורכ מעזשעלאָזע פעלדער
פונ דריטנ באָלשעוויסטישנ פאַרזיי.

## מיר איז נישט ענג.

כ׳האָב היינט געהאט בא זיך די ערשטע געסט.
און איינע האָט צעלאכט זיך:
—אפ מיין וואָרט,
בלאָשטיינ, ס׳האָט אונדזער לאנד
געגעבן אייך אן אָרט—
נישט גרעסער פון א פויגלנעסט...

איך האָב געגלעט מיין גאסט איר שטייפע האנט,
און ס׳האָט א שמייכל זיך געלייכט אפ מיין געזיכט:
—מיין פריינט!
ס׳האָט אונדזער לאנד
אפ מיר זיך נישט געריכט
און האָט פאר מיר קיין דירע ניט פארגרייט.
נאָר ווייסטו דען,
ווי ס׳זינגט אין מיר די פרייד,
ווען כ׳זע אפ יעדן טראָט
א נייע הויז אין בוי,
און ס׳ברויזט מיט וווקס די איבערפולע שטאָט,
און כ׳טראכט אזוי:
ס׳איז יעדע הויז פאר מיינע ברידער דאָך!..

און ווייסטו נאָך?—
אין יענעם שווארצן לאַנד,
פונוואנען כ'קום,
אזויפיל הײַזער פוסטע שטייען אומעטום,
און ס'שפרינגט ארום
דער כורווע-ווינט און פײַפט, און שעלט,
און קלינגט,
ווי אין א פוסטער פאס...
נאָר מײַנע ברידער שלאָפן אפ דער גאס,
און קאָרטשען זיך, און קנוילן זיך פאר קעלט!
און מיר איז אויך
די גאס די נאכטיקע באקאנט:
דו שלאָפסט האלב־וואך און היטסט
דעם פאָליציאנט:—
„ס'איז שלאָפן אפ דער גאס פארווערט"...
כ'געדענק נאָך גוט, כ'געדענק!
איז קאָן דען זײַן
בא מיר אין לאַנד
דאָס קלענסטע צימערל מיר ענג?..

## גענוג דיר, מײַן פרײַנט...

גענוג דיר, פרײַנט מײַנער, אפּ ווײַטע שטימען גײן
פון יאָרן קינדערשע, אין טיול פארהוילענע,—
פון דײַנע צערטלעכע, צעקלעמטע שטימונגען
עס טראָגט מיט עלנטער צעווייכטער פוילעניש!

א קליינע בעטלער-האנט, א דאר צעבייניקטע,
פארשטעלט פון אויג דײַנעם די גרעסטע בויונגען...—
ווען ס׳ברענען יאָרן העל, אין פלאַם געריניקטע,
האָסטו דיר אויסגעוויילט—אין טונקל־גרויען גײן...

גענוג זיך צערטלען דיר מיט דער צענעריקטקײַט
און שמידן אומעטן אין שווארצע רינגען דיק...
נא זע! דאָס לאנד דײַנע א בארג מיט שווערקײַט
אפּ הארטע פּלייצעס טראָגט—און טראָגט זיך זינגענדיק!

## איך קען נאָך נישט...

איך קען שוין גוט פאַבריקן און זאַוואָדן,
און ס׳קלאַפּט דער פּולס פון לאַנד אין האַרץ מײַנס נאָכאַנאַנד,
נאָר כ׳שטיי נאָך אַלץ, ווי בײַ פאַרמאַכטע לאָדן,
בײַם האַרץ פון נײַעם מענטשן אין מײַן לאַנד.

כ׳האָב יונגע פרײַנט אין ווזן און אויף קורסן,
כ׳האָב יונגע פרײַנט אין שאַכט און בײַם סטאַנאָק,—
און כ׳מאַך אין האַרץ צו זיי טאָגטעגלעכע עקסקורסיעס,
נאָר ס׳האָט אויף פעסטערד נישט געטראָטן נאָך מײַן טאָג...

אָט דוכט זיך מיר אַמאָל: אין קעמפן און אין זיגן,
אין ליבע און אין האַס— מײַן פרײַנט, ווי איך, איז ער—
און דאָך, איך פיל, עס זינגט אין אים אַ ניגון,
וואָס איך האָב ערגעץ קיינמאָל ניט געהערט.
און ס׳קאָן זײַן ריטם נישט אין מײַנע סטראָפן
אַרײַנזינגען מײַן ציטערדיקע האַנט...
וואָס איז צו שעמען זיך? איך זאָג דאָ אָפן:
איך קען נאָך נישט דעם מענטשן פון מײַן לאַנד.

# מיט מײַן קלאס.

איך בין יונג, איך בין יונג, ווי דער לויטערער קלונג
פון א קינדערשער פרייד, ווען זי לײַכט הער ארויס;
איך בין יונג, איך בין יונג מיט מײַן קלאס אין זײַן שפרונג
איבער שארפ פון באריער מיט א זיג—אין פאָרויס!

איך בין אלט, איך בין אלט, ווי אן אוראלטער וואלד,
ווו עס בלייכן זיך ביינער פון דוירעס אָן שיר...
איך בין אלט, איך בין אלט—ס׳גייט מײַן וועג אָן פארהאלט
איבער סטעפּעס פון צײַט פון ספּארטאק און ביז מיר...

איך בין שטארק, איך בין שטארק, ווי א ריזיקער בארג,
וואָס ער ציטערט באַם מעכטיקסטן דונער ניט אוף;
איך בין שטארק, איך בין שטארק: כ׳נעם די ערד אף מײַן קארק
און איך טראָג זי אף טרעפּ פון די פינפיאָרס ארוף!

איך בין צארט, איך בין צארט, ווי א בלימל, וואָס ווארט
אף דער מילדקײַט פון טוי אין באגיניקן ראָז...
איך בין צארט, איך בין צארט: אף מײַן שטאָלענער הארט
שפּראָצן מײַסעלעך אויס, ווי א זײַדענער גראָז...

איך בין צארט, איך בין שטארק, איך בין אלט, איך בין יונג—
איך בין רוישיק און בונט, ווי סאָוועטישע גאס...
און עס וויכערט אין מיר דער ספּיראלישער שווונג,
פון מײַן זיגערשן קלאס— און כ׳בין דיכטער פון קלאס!

## אין פעוראל.

כ׳האָב הײַנט דערפילט דורך גאסן־הויט אספאלטענער
די װארעמ־שװארצע פרילינגדיקע װײכערד...
זי האָט אין מיר מיט לײדנשאפט באהאלטענער,
צעשפרײט אף יונגער זון, זיך שטיל גערויכערט...

ס׳האָט שנײיק ארום מיר פעוראל געװיטערט,
און אָװנט האָט געקוקט מיט בליק פארנעפלט־גרויען.
נאָר איך האָב פרײלעך־פרילינגדיקן ציטער
געטראָגן טיף אין זיך אף הימלען בלויע...

און כ׳האָב געהערט, װי ס׳רוישט גאָר נאָנט א טראקטער
און ס׳פרײט א פויגל זיך אין בלויע הײכן—
און כ׳האָב אזוי געבענקט צו פריש־צעאקערטער,
צו זאפטיק־רויכערדיקער װײכערד!...

איך האָב געװוּסט: נאָך מער װי אײן דעקאדע
װעט װײך אװעקפאלן אף טויטער קעלט פון שנײ.
נאָר... כ׳האָב מיך אין א שרײַבערשער בריגאדע
פארשריבן הײַנט צום פרילינגשן פארזײ!

## פרילינג־מאָטיוון.

מיט בלויקייט זוניקער האָט הײַנט אין מיר א פרייד זיך ראש צעשײַנט.
אין פרילינג האָב איך שטארקער ליב, אין פרילינג האָב איך שטארקער
פײַנט,

און יעדער ריטשקעלע, וואָס קלינגט און זינגט און זוניקט זיך אין לויפ—
עס לויפס דורך מיר און גיסט זיך הייס מיט יונגן בלוט מײַנעם צונויפ.

און יעדער מינדסטער נערוו אין מיר, און יעדער ריר פון מארך דערהערט
דעם שטילסטן שאָרך פון וווקס און וויי אפ אונדזער שענסטן זעקסטל ערד,

כ'ווער דאָפּלט צארט און דאָפּלט הארט, און מײַנע אויגן זײַנען קלאָר.
איך בין ניט זעקס און דרײַסיק אלט, נאָר—צוויי מאָל הייסע אכצן יאָר.

און ווי א שטײַפער קאָמיוגיסט, וואָס טראָגט אין זיך די מאָרגנס פעסט,
וועל איך אצינד זיך אליין ארויסרופן אפ א פארמעסט.

און זאָגן הויך צו זיך אליין: נו, לאָמיר זען, וואָס קאָנסטו מער—:
צי האָבן פײַנט דעם שווארצן פײַנט פון אונדזער אופגעהעלטער ערד,

וואָס ליגט נאָך אלץ אפ פעטן פעלד פון אונדזער וווקס—א בונט בוריאן,
און וויקלט זיך פארטײַעט שטיל און האמעוועט דעם טריט, וואָס שפאנט;

צי האָבן ליב די האנט, וואָס בויט, דאָס הארץ, וואָס שלאָגט אין
אונדזער טאקט,
דעם קאָפּ, וואָס וואגט און פירט ארויס דאָס לאנד אפן ברייטן
פינפיאָר־טראקט.

װעל איך אַזױ אַפּ אַ פּאַרמעסט מײַן ליבע פירן און מײַן האַס,
און װער פון זײ געװינען װעט — אַלײנס: געװינען װעט מײַן קלאַס.
אַלײנס געװינען װעט מײַן לאַנד, װאָס רײַסט זיך אַפּן רױטן ברעט
און ברענט שױן איבער פופצן יאָר אין באָלשעװיסטישן געװעט.

איך פלעכט זיך אײַן מײַן פרילינג-פרײד אין אַלע בױ־און קאַמפּן־קניפּ, —
אין פרילינג האָב איך שטאַרקער פײַנט, אין פרילינג האָב איך שטאַרקער ליב.

# אָנהייב פרילינג.

ס'איז ווייכ אונ פילבאר שוינ דער זילבערשייַנ פונ ווינטער:
אפ ערשטע פייַערנ פונ זונ ער שמעלצט זיכ.
מיט אָטעמ פרייַערנ דאָס ווייַטע פעלד צעפעלצט זיכ
אונ ס'קוועלט אינ לייַב בא אימ א פרייד אזא צעגרינטע,

אונ ווינטלעכ טוענ שוינ א קלונג, א זונג מיט זונגאָלד.
אונ הימל העכער ווערט, אפ גרויע דעכער־בערד פארגאווערטע,
א שטראל קרישטאָליק לאכט. מייַנ ליבע כאווערטע!
מייַנ הארצ אמאָליקס לאכט, מיט יאָרנ ניט פארטונקלט.

ס'וועט זייַנ א פרייד אזא: אינ ווייַסנ קלייד, אזא צעראָזיקטע
וועסטו אריַינ צו מיר. אונ ס'לעבנ מייַנס מיט גרינער פארב וועט
אינ מילדער שייַנ צו מיר אפ זינגענדיקער ארבעט
א לייג טונ שטיפעריש א לאָנקע א באגראָזיקטע,

מיט פעלד פארווייענ מיר. וועסט זאָגנ:—„לייענ מיר: האָסט נייַס
אוואדע—
כ'וויל זענ, ווי זייענ מיר"... אונ לאכנדיק וועסט צוגעבנ:
— „עס וועט די טעג שוינ מיר א וועג־שייַנ דער קאָמיוג געבנ
אינ א קאָלווירט אריַינ, אונ—ווייסט?—מע פירט אריַינ א שרייַ־
בער אינ בריגאדע..."

## מיר מוזן געווינען!

עס טאָר אפּ א רעגע באַ שניטער
דער שלאָגלערשער אימפּעט ניט בלאסן,
עס טאָר זיך קיינ איינציקער נאָמען
צום שאנדסלופּ פונ שווארצבערעט ניט מעלדן!
מיר האָבן געווונען די שלאכטן
אינ הייסע אָקאָפּעס, אפּ גאסן—
איז וועלן מיר איצט ניט געווינען
די שלאכט אפּ די צײַטיקע פעלדער?..

מיר טאָרן קיינ ווייצענעם זאנג איצט,
קיינ גערשט אונ קיינ קערנדל האָבער,
קיינ קאָפּיצע היי אפּ די פעלדער
פאר הארבסטיקע ווינטן ניט לאָזן!
מיר האָבן אינ בראנדיקע שלאכטן
אזויפיל פּאָזיציעס דעראָבערט,
אונ אלע מיט אָנשטרענג מיט שארפן,
זיי ווארטן אפּ רויטע אָבאָזן...

אינ אונדזער א קערנדל ווייץ איז—
א קערנדל סאָציאליזם,
די זאנגען, זיי זײַנען איצט קוילן,
בעטאָנ אונ טשוהונ, אונ מאשינען...—

מיר האָבן געוווּנעז אין שלאַכטן
פון פײַער, פון ביקסן און שפּיזן,
איז וועלן מיר איצט דען אַפּ פעלדער
פון זאַפּטיקן ברויט ניט געווינען?..

אונדז פעלט דען אין הענט פון בריגאַדעס
די לענינשע האַנט די געניטע?..
אין אויגן, מיט מאָרגנס אין אַפּלען,
די ליכטיקע קלאָרקײַט אונדז פעלט דען?..

איז טאָר אַפּ אַ רעגע ניט פאַלן
דער שלאָגלערשער אימפּעט בײַ שניטער!
איז טאָר זיך קיין איינציקער נאָמען
צום שאַנדסלופּ פון שוואַרצבערעט ניט מעלדן!

## אין אן אָפּרו־טאָג

ס׳האָט זון מיט וואַרעמקייט
מיט ווייכער זיך צערעגנט.
א בלויע לופט, א בעוענע, א לייכטע.
און אויגן ליכטיקע
נאָך העלער לייכטן...

איך האָב באַגינען הײַנט
מײַן אָפּרו־טאָג באַגעגנט
מיט שטילער פרייד אין אויסגערוטן הארץ,
מיט לייכטן ראָז אף באַקן בלאסע.

איך בין אַרויס
אין בליִענדיקע גאַסן,
און פרילינג האָט זיך ווייך
געטוליעט צו מײַן האַנט...
ס׳איז יעדן טאָג דאָך יאָנטעוו אין מײַן לאַנד.
ס׳איז יעדע שאָ—א נײַע הייך.
און דורך אַלייען פון דערגרייכונגען צעבליטע
מאַרשירט מײַן לאַנד
מיט פרילינג אין די בלוטן.
און ס׳איז, ווי אין א קנאָספּ,
אין אָנגעשטרענגטסטן מי-טאָג -
פאַרקנוילט דער גרויסער מאָרגנדיקער רו־טאָג...

איך גיי,
עס האָט צעוויקלט זיך א סטענגע פון א ריי
בּא א קיאָסק און שלענגלט אויס זיך לאנג...
און ס'זינגט אין מיר דער דראנג
פון לאנד מײַנעם
נאָך קלוגן בּויענדיקן וואָרט,
די גרויסע עמעס־דורשט,
וואָס שלאָגט זיך דרייסט און שאפט דאָ.
כ'פארנעם אין ריי אן אָרט:
ווי דען?
כ'וועל הײַנט נישט לייענען די „פראוודא"?!

איך האָבּ פון קינדווײַז אָן
נישט ליבּ קיין מאטעמאטיק.
כ'פלעג אפ מיליאָנען פוסטע כעזשבּענען אין שול
דעם פרעמדנס גאָלד און קויל...
און אינדערהיים דער הונגעריקער טאטע
פלעגט כעזשבּענען דאָס קליינע שטיקל בּרויט
אפ קליינע בּרוכצאָלן פאר יעדן מויל,
מיט ווײ, מיט אײַנגעהאלטן־טיפּער...

נאָר כ'האָבּ זיי ליבּ,
די זינגענדיקע ציפער
פון לאנד מײַנעם
אפ צײַטונגען, פלאקאטן —
און שאָען גאנצע קאָן איך בּא די פּ ר אָ נ ט נ
פון קוילן, שטאָל, טשוהון און אײַזנארצ
פארנעמען זיך מיט מאטעמאטיק,
און אָפּט דערבּײַ
בּא אייגן קאָפּ און הארצ
א ווײַזער א געהעכערטן א מאָן טון...

א ריי באם „צעראבקאָפּ"...
נאָך ליגן שווערייקייטן, לאנד מײַנס, אױף דײַנע אַקסל,
און יעדער הויפן ווייץ
איז אויסגעציפערט אין דײַן קאָפּ.
נאָר מירן אַלץ און אַלעמען אַריבערוואַקסן.

מיר זײַנען נישט געקומען דאָך אויף גרייטס:
מיט אייגן מארך, מיט אייגן לײַב און בלוט
דערהייבן מיר די ריזיקע געבײַען,
ווי פּויסטן שטאָלענע אנטקעגן לענדער וויסטע—
און פּרוּוון זאָל זיך ווער
אויף אונדזער ווּקס פֿארמעסטן!...

ווי ליב, ווי גוט
עס האָט א מאכנע קאָמיוגיסטן
מיט שפאַן מיט פּריילעכן און פעסטן,
ביקס אויף פּלייצע, דורכמארשירט פאָרויס!...

אין גאָרטן,
אונטער רעגנדיקן ווײַסן צווייט—
קינדער, קינדער.
קלינגענדיקע פרייד
זי שיט און שיט,
ווי הילכיק זילבער ריינס,
כ'האָב ערגעץ אויך א טעכטערל א קליינס,
(דאָס הארץ גאַנץ אָפּט דערמאָנט זיך שטיל און בענקט).
און דאָ נישט לאַנג
האָט מיר א גרופּע פּיאָנערן
א רויטינק טיכל צוגעטראָגן א געשאנק,
און כ'האָב, מיט גרויענדיקן קאָפּ,
געלאכט און—צוגעשוואָרן שטילערהייט.
איז אַזוי נאָנט און אייגן מיר
די קינדערישע פרייד!

א גאנצן טאָג אַפּ פּרילינגדיקער גאַס.
כ׳קער מיד און פֿויל זיך אום
אהיים צוריק.
אנטקעגן קומט א בלויע נאַכט מיר אָן.
ס׳איז קיל און שמעקעוודיק אזוי.
און איבער שיינע עלעקטרישער
אין טונקלבלוי
אפֿן טורעמל פֿון צ י ק
לייכט זי פֿלאַטערדיק די רויטע פֿאָן...

כאַרקאָוו, 1932.

# א ליד וועגן בעזעמ.

באַ אונדז אינ לאַנד איז ארבעט—רומ און קאָוועד.
עס זאפטיקט אונדזער וווקס דער שווייס פונ פראצע.
כ׳האָב היינט אפ גאסנ זוניקע, מאיאָווע
מיט פרייד באגלייט א שלאנקע דעמאָנסטראציע.

...א מאכנע גייט, מיט ביקסנ־שטאָלצ אפ פלייצע
א פראָסטנ בעזעמ טראָגט זי מיליטעריש.
אָרקעסטער־מעש מיט פרייד־געשריי באגלייט זי.
א מאכנע גייט. אינ דרייסטנ אָנגריפ גייט זי.
דער פראָנט איז אומעטומ. דער פראָנט געפערלעכ שווער איז.

עס פרייט זיכ א פלאקאט מיט רויטער פארב אפ באקנ:
„פארקלענערט פאָקנ־קרענק! פארטריבנ די כאָלערע!"
נאָר כ׳וויס: מע דארפ א זעצ טונ הייסער, שווערער
דער ברודיקייט אינ אייטערדיקנ נאקנ...

פונ לאנגע דורעס פיינ, פונ לאנגע קייטנ שמוצ־יאָר
איז נאָכ מיינ לאנד אינגאנצנ ניט געגעזנ,
און אָפטמאָל פלעקט די אומריינקייט מיט בלוט זי...—
איז פלעכט ארײַנ דעמ פראָסטנ הארטנ בעזעמ
אינ בעזעמ פלאמיקנ פונ אונדזער רעוואָלוציע!..

איז טראָגט מיט רום דעם בעזעם—דעם פארניכטער
פון סאָנים בלוטיקע, אין שמוץ־פאנצער פארקאָוועט.
ס׳איז אונדזער בעזעם גלײַך אזוי אונ וויכטיק,
ווי ביקס אונ האמער־שטאָל, אונ פען פון דיכטער.

...כ׳האָב הײַנט אף גאסן זוניקע, מאיאָווע
דערהערט, ווי ס׳זינגט אין הארצן זיך הויך אונ ליכטיק:
—בא אונדז אין לאנד איז ארבעט—רום אונ קאָוועד.

## דערלאַנג מעטאַל.

דערלאַנג מעטאַל, דערלאַנג! שוואַרץ־גלאַנציקן טשוהון,
גרוי־אויגנדיקן שטאָל און טונקל־בלאָנדן קופּער.
עס דאַרפן דאָמנעס אונדזערע מיט זון
אַריבער זיך די נאַכט צעשמעלצן און פאַרשטופּן...

פאַר וווּקס זאַוואָדישן דערלאַנג מעטאַל, דערלאַנג!
פאַר הײַזער סאָציאַליסטישע אין וואַקסן!
פאַר באַנען שלאָגלערשע אין הייסן גאַנג
מיט ברויט און קוילן אויף די אַקסלען!..

פאַר שליאַכן רעלסיקע דורך טאָל און באַרג!
פאַר רויטן פלאָט בײַ טויערן פון יאַמען!..
פאַר בריקן איבער שוימענדיקן קאַרק
פון טײַכן, וואָס מיר האַלטן איצט אין צאַמען!

דערלאַנג מעטאַל, דערלאַנג! עס דאַרף דאָס לאַנד
פאַר קאָלעקטיוון פעלד אַ גוווּרעדיקן טראַקטער,
און ס׳דאַרף די האַנט, די שיצנדיקע האַנט,
אַ שווערד אַ בלאַנקע, אַ געוואַגטע...

## הארבסט.

א קאַלטער ווינט האָט הײַנט פאַרנאַכט דעם הארבסט
מיט בלעטער טרוקענע געשווּרשעט אפן אויער:
„שטראַלסט אויס דײַנ לעצטע ביסל בלוט — און שטאַרבסט
א בלאָנדער און א בלויער.

„ווי אַלטע לײַט, עס וואַקסן אפ צוריק
די טעג דײַנע: מיט קילע שטילע שערן
שנײַדט יעדע נאַכט אראָפּ פון טאָג דײַנעם א שטיק.
עס הערן נאָר די שטערן"...

אזוי האָט הײַנט געזאָגט דער ווינט. נו, ניט דער ווינט,
און ניט די שטומע טרוקן־טויטע בלעטער, —
דאָס האָט אין מיר דאָס לעצטע שטיקל קינד
דערמאָנט זיך הײַנט א ווײַטן־ווײַטן שפּעטיאָר...

א שטעטעלע. א הילצערנע צעטרעטע שוועל — —
אן אומעט אפן אַלטן בענדל לידער — — —
כ'האָב מײַנע טריט פּאַמעלעך הײַנט געשטעלט —
און ס'האָבן נעכטנס נאָכגעשלעפּט זיך מידע...

אזוי בין איך אריין צו איר. אין הויז:
— „איר ווייסט, ס'איז אַלטער הארבסט"... — האָט מײַן באַקאַנטע

געדריקט מײַן האנט:—„אוואדע, הערט נאָר אויס—
ס'איז באַלד שוין יאַנטעוו!"

און שטיפעריש האָט זי אין אויער מיר פארטרויט:
„איך האָב שוין געלט. ס'וועט זײַן אי ווײַן, אי רויזן,
און מירן יאָנטעווען אזוי, אז עס זאָל ברויזן...—
עס האָט דאָך אונדזער לאַנד געזיגט באַם פראָנט פון ברויט!

איר'ט יאָנטעווען בא מיר, וואָס טראכט איר?"—און זי לאַכט:
—„וואָס טראכט איר? ...Много дум—и мало толку

איך קוק זיך אום: אין גאָלדענעם פארנאכט—
א יונגער הארבסט, א יונגע לאַנד, א קאָמסאָמאָלקע...

## טאָסטן.

דער בעכער שפּילט בא מיר אין האנט,
אין הארץ בא מיר — דאָס גליק.
— דער ערשטער טאָסט — פאר אונדזער לאנד,
וואָס שפּאנט פון זיג צו זיג!

עס ברענט דאָס ליכט אין רויטן ווײַן,
מײַן פרייד איז רויט־קאָלירט...
— דער צווייטער טאָסט — געזונט זאָל זײַן
די פעסטע האנט, וואָס פירט!

דער ווײַן איז הייס, ווי שטײַפער קאס,
וואָס פויסטיקט איצט מײַן הארץ...
— דער דריטער טאָסט — פאר דיר, מײַן קלאס,
אין לענדער, וואָס נאָך שווארץ!

דער בעכער ציטערט אין מײַן האנט,
אין הארץ — א זיסע וויי...
— דער פערטער טאָסט — אין ווײַטן לאנד
פאר קינדער מײַנע צוויי!

דער ווײַן איז זיס און שארף: מיר שײַנט —
ס'קושט עמעץ הייס מײַן ליפּ...
— דער לעצטער טאָסט — פאר דיר, מײַן פרײַנט,
און דעם, וואָס דו האָסט ליב — — —

אָקטיאבער, 1933

## אפ אונדזער זעקסטל...

ניט קיין בלוט אין מײַנע גלידער —
הייסע פרייד און רויטער ווײַן!...
לאנד! איך פלעכט מײַן טראָט און לידער
אין דײַן הייסן גאנג אריין.

כ'זע דיך הײַנט מיט טאנק און טראקטער...
העכסטער רום און העכסטער פלי... —
איבער פינפיאָר־טרעפ געוואגטע
שפאנט דײַן מאכט און שפאנט דײַן מי!

ס'ווערט שוין אונדזער דאָרף פארמעגלעך,
פריידיק זינגט דער פולס פון שטאָט...
לענין איז דײַן גרויסע וועג־ליכט,
סטאלין איז דײַן פעסטער טראָט!

דײַנע טעג, ווי גרויסע דיכטער,
זעען דוירעס־ווײַט פאָרויס...
אין גראניט פון דער געשיכטע
האקטו זיי א דענקמאָל אויס.

און אף דײַנע בערג און טאָלן
שאַרף־באַוואַכטער שאָלעם שײַנט———
האָסט געצוווּנגען, אַז עס זאָלן
ליבן דיך אפילע פײַנט...

לענדער פאַלן שוואַרצע, מידע,
דו, מײַן לאַנד, שטײַגסט אוף אין שײַן...
און עס ברויזט אין דײַנע לידער
רויטע פרייד, ווי שטאַרקער ווײַן.

# דאָס גרויסע בוך.

(צום „פלאַן פון דער געשיכטע פון בירגערקריג")

איך לייען — און די אויגן ווערן ליכטיק,
און פרייד אין הארץ מײַנעם צעבליט זיך ראש...
דו האָסט געמאַכט די העלדישסטע געשיכטע,
מײַן העלדישער, מײַן זיגערישער קלאַס!

... מיט עמעס ליטערן אין קאָפּ און הארצן,
מיט אויסגעפּרוּווטן ביקס אין פויסט,
אין לאַנד פון בלוט, פון פּריצים און פון קאַרצערס
אַפּ שלאַכט אַנטשיידענעם ביסטו אַרויס.

ס'איז יעדער שטיקל ערד געווען אַ שלאַכטפעלד,
ס'האָט טײַער אָפּט געקאָסט דער קלענסטער זיג —
מיט רויטן שפּיז האָסטו די שוואַרצע נאַכט־פעל
פון לעבן דײַנס מיט שטיקער לײַב געפּליקט...

מיט אייגן בלוט האָסטו דײַן ערד באַגיטיקט
פאַר שפּעטערדיקן זאַפטיקן פאַרזיי —
דיך האָט געפירט מיט שלאַכטישער גענויטקײַט
די אויסגעפּרוּווטע לענינשע פּאַרטיי.

ס'איז יעדער שפּאַן געוועזן אַ נײַער העלדנטאַט,
ס'האָט יעדער טאָג זיך דורכגעבערענט אַ וועג...
אָ, ווער קאָן ציילן זיי, די אומבאַוווּסטע העלדן,
וואָס האָבן אין די פײַערדיקע טעג
פאַר קאָמוניזם אין וועלטישע מאַסשטאַבן
געשטימט מיט טײַערן, מיט יונגן קאָפּ —
און דרייסט דעם פאַנצערצוג פון פלאַמיקן אָקטיאַבער
דערפירט צום רומפולן, צום הייסן פערעקאָפּ!..

און אָפּגעמעקט די שוואַרצע און די ווײַסע,
און הײַנט אַנטאַנטישע פאַרטריבן פונעם ברעג —
איז צײַט מיט גרויסן בוך פון גרויסע מײַסים
פאַרמאָנומענטעווען די ווונדערלעכע טעג!

פון ערשטער באַריקאַד ביז לעצטן מאַרש אַף ווראַנגלען,
פון ערשטן רויטגוואַרדיסט ביז לעצטן פּאַרטיזאַן —
און ס'וועלן לערנען זיך ניצאָכן און געראַנגל
די ברידער אונדזערע אין יעדן לאַנד...

און אונדזער זיכערקײַט וועט ווערן נאָך מער זיכער,
און איבער פּײַנט וועט צײַטיקן דער קלאַפּ —
ביז יעדער לאַנד וועט מיט אַזעלכע ביכער
פאַרייביקן איר אייגענעם אָקטיאַבער!

## דער רויטער ארמיי.

פון טרויבן הילכיקע דער גלאנצנדיקער קופּער
קלינגט הײַנט א גאנצן טאָג בא מיר אין ברוסט...
פאר דיר, ארמיי, צעהילך איך אינעם רופער
פון ליד מײַנעם—א פלאמענדיקן גרוס!

איך זע דיך הײַנט אף גאסן רויטבאַפּאָנטע
און כ'פיל דעם שטאָל פון טריט דײַנעם אין מיר.
און זיג פון נעכטיקע און מאָרגנדיקע פראָנטן
צעפלאטערט, ווי א פאָן, זיך איבער דיר...

איך זע דיך הײַנט אף זינגענדיקע גאסן,
און כ'גיי דיר נאָך מיט זיכערקײַט און פרייד,
און כ'זע: דו וואכסט בא גרענעצדיקע פאסן,
צעצויגן אין א דראָענדיקער קייט...

און ס'בליט אף שטאָל פון שפּיזנדיקער גריווע
דער שאָלעם פאר מײַן אופגעבליטן לאנד,
די רו די זאפטיקע פאר פעלדער קאָלעקטיווע,
די מי די פרידלעכע פאר יעטווידן גיגאנט...

און כ'זע, ווי ס'ליגט אף שליאך פון נאָנטע יאָרן
דער סוינע, א דערשטיקטער פון זײַן האס...—

האָסט הײַנט זיך הייס מיט יונגן האַרץ געשוואָרן
אין טיפן טרײַ אָקטיאַבער און דײַן קלאַס!

וועסט שטורעמען נאָך ניט איין שווארצע באַריקאַדע,
און דורכטראָגן די פאָן פון לעניניסטן ראַט,
מײַן אויסגעפּרוּווט־פאַרגליטע שוץ־בריגאַדע
פון קעמפנדיקן וועלט־פּראָלעטאַריאַט!

## 21־טער יאַנוואַר.

ס'איז הײַנט דער איין־און־צוואַנציקסטער יאַנוואַר, —
אַף רויטער זון — אַ שוואַרצער באַנד: געשטאָרבן לעניג,
נאָר ס'ברענט ניט אַף מײַן קאָפּ קיין דערנער־קראַנץ פון צאַר,
און כ'הער מײַן האַרץ ניט וויינען.

זעקס יאָר צוריק... כ'געדענק: זיך נאָר דערוווּסט —
פאַרשלאָסן זיך אין צימער און געיאָמערט.
און פּלוצלינג... איך דערפיל — ס'איז ליכטיק מיר אין ברוסט:
ס'האָט לעניג אופגעלעבט און אופגעלעבט אַף טאָמעד!

זינט דאַן — אַף וועגן און אַף אומוועגן פון זײַן,
ווען ס'פינצטערט אין מײַן אויג, און ס'נעמט דער פוס זיך וואַקלען,
דערזע איך: לעניגס האַנט אַף גרענעצ פונעם הײַנט,
זי פּאַקט פאָרויס מיט פירגדיקן פאַקל!

און כ'קוק זיך אום און זע: פונהינטן און פאָרויס —
אַן אופמאַרש אַ מיליאָניקער אַהין, ווו ס'ווײַזט דער פינגער —
אַ מאַרש אַ פויסטיקער, און איך — אַ מוסקל אינעם פויסט,
אַ זעלנער און אַ זינגער.

21|1 1930

## דער פירער רעדט.

דער פירער רעדט. ס'איז יעדער וואָרט—א פּונק.
און ס'רעדט דאָס גאנצע לאנד מיט זײַנע ליפּן—
ווי אין א ברענגלאָז זאמלען זיך אין קניפּן
אַלע שטראַלן אין איין פּונקט.

דער פירער רעדט, באַ פרײַנט אין אויגן העלט,
און ס'שפּרינגט א שטעכעניש באַ פײַנט אין אויער—
עס רעדט דער ערשטער בריגאַדיר און בויער
פון פרײַע זיגערישן זעקסטל ערד!

דער פירער רעדט, און יעדער וואָרט איז קלאָר,
ווי קלאָר ס'איז אונדזער זיגערשער סאכאקל,
ווי קלאָר עס איז, אז ס'וועט אין קראַנקן וואַקל
די אַלטע וועלט נישט אײַנהאַלטן איר אָרט...

דער פירער רעדט, און מיליאָנען קנעכט
די נאַקנס הייבן דרײַסטער אונטער יאָכן...—
און ס'טוט א גליי אַפּ אויסלאַנדס שווארצע וואָכן,
ווי יאָנטעוו־שײַן, די נאָענטקײַט פון געפעכט...

דער פירער רעדט, און אופגעבויטע שטעט
און מעזשעלאָזע סטעפּן דערהערן אייגנעם אָטעם...
און סאָנים וויקלען אײַן דעם קאָפּ אין שאָטן.
און שוואַכע רויטלען זיך פאַרשעמט... דער פירער רעדט!

## מאקסים גאָרקי.

1

ס'העלט אופ מײַנ אויג מיט שטראַלנדיקער קלאָרקײַט,
דאָס בלוט אינ הארצנ פארשנעלערט הייס דעמ גאנג...
כ'טראָג אומ א גאנצנ טאָג א ווונדערלעכ געזאנג
מיט אזויפיל מוזיק, כאָטש מיט איינ וואָרט נאָר: גאָרקי.

אָט איז דער מענטש, וואָס האָט זיכ נישט געפּאָרקעט
מיט מיסט מיט זוניקנ פונ פּוסטנ קלאנג...
נאָר האָט זײַנ וואָרט, ווי שווערד געשליפנ בלאנק,
פארהויבנ איבער וועלט: „דער שטורעמדיקער וואָר גייט!"

אונ איז אליינ, מיט יוירנדיקער גווורע,
באנאנד מיט קלאס זײַנעמ געגאנגענ אפּנ שטורעמ,
באנאנד געשלאָגנ זיכ, באנאנד געזיגט.

אונ שטייט אצינד מיט הויכ פארשארצטע ארבל,—
א גרויער קאָמסאָמאָליעצ בא דער ארבעט
אינ אונדזער גרויסער סאָציאליסטישער פאבריק...

2

כ'האָב ליב דיכ אויכ דערפאר, ווײַל ס'ברענט צו דיר מיט האס
דער בײַכיקער באנקיר, דער לאנדגראפ מיטנ קאנטשיק.
זיי שפּײַען זיכ מיט גאל:—„א רויטער באראבאנשטשיק",
צי גאָר „אינ סטאלינס הענט א הילכיק־פּוסטע פאס"...

און ס׳קרימט זיך אפֿ דײַן וואָרט און גרינט פֿאַר קאַס
דער סאָציש־באַלעבעסלדיקער יונגערמאַנטשיק...
איז ביסטו נישט קיין פּויק, נאָר אַ קאַנאָן פֿון אונדזער לאַנדשוץ
און טרעפֿסט מיט וואָרט־גראַנאַט אין ווײַטסטער רײַכער גאַס, —

ווו זאַטער העפֿקער טאַנצט אין ווילדער שרעק פֿאַרקאָרטשעט,
ווו ס׳שטורעמען די הונגעריקע פֿאָרשטעט,
ווו ס׳לעבט, ווי אין דײַן „מוטער״, נאָך דער גרויל...

איז לייען איך די רייד פֿון העגקערישע שמוצערס
און טראַכט מיט פֿרייד פֿון נאָנטע רעוואָלוציעס,
וואָס רעדן מיט דײַן פֿײַערדיקן מויל.

*

איך בין שוין נישט קיין גאַסט: שוין באַלד אַ יאָר פון ריגע —
מײַן לעצטע שטאָט אין שוואַרצן לענדער־פּלאָנטער.
כ'האָב באַלד אין ערשטן טאָג געפילט זיך דאָ אַ היגער
ווײַל כ'בין אין ווײַטסטער ווײַט געוועזן דאָך אַ נאָנטער.

נאָר כ'טראָג נאָך אַלץ אין אויגנדיקער זע־נעץ
דעמזועלבן צאַפּלדיקן העלן פאַנג פון פריידן,
וואָס כ'האָב דערפילט אַף ערשטן פאַס פון גרענעצ...
צי קאָן מען איבערגעבן עס מיט רייד דען!

ביז הײַנט נאָך פריי איך זיך מיט פרישקײַט מיט געזונטער
אַף באַקן פון די מענטשן, וואָס כ'באַגעגן,
און ס'פרייט זיך ס'האַרץ, ווען ס'לאַכט ווער הויך און מונטער,
ווי ס'פרייט אַ קינד זיך אונטער פרילינגדיקן רעגן.

מיט יעדן גאַנצן קלייד, מיט יעדן ליבן פּאָנעם
קוועלט אויף מײַן כּרייד אַף רוישנדיקע גאַסן...
איך ווייס: פאַראַנען נאָך אין לאַנד ניט ווייניק סאָנים,
און כ'דאַרף, כוץ ליבן, אויך נאָך קאָנען האַסן.

און כ'דאַרף, אַף פּרווו־שטיין זען די פרייד פון מײַנע לידער,
און טראָגן ווייך אין האַרצן אַן אויסגעפּרוווטן מעסטער . . .
נאָר — — טויזנטפאַכיק מער פון סאָנים זײַנע — ברידער,
און כ'טרעף זיך אומעטום מיט אויגן פון אַ שוועסטער.

1933—1|II

## איך גיי אין גאסן אום.

ס׳פליסט דורך אמאָל דורך אלע מײַנע גלידער
א ווארעמקײַט אזא און ציטערט אין מײַן האנט...—
דאָס זידט אין הארץ בא מיר צעגליט מעטאל פון לידער
נאָך נישט געפורעמטע געזאנגען פאר מײַן לאנד.

איך גיי אין גאסן אום—אינגאנצן אויג און אויער,
און ווו כ׳גיי דורך—כ׳נעם מיט מיט זיך דאָס אָרט...
מײַן שטאָט! איך טראָג אין זיך דײַן יעדן נײַעם מויער
מײַן דאָר! איך טראָג אין זיך דײַן יעדער נײַעס וואָרט.

כ׳ברענג יעדער נאכט צום בעט א טאָג מיט גוטס באלאָדן,
וואָס בייגט זיך מיד, ווי רײַפער פולער זאנג.
און נישט מײַן פענצטער, נישט מײַן הארץ האָט לאָדן—
און טיף אין נאכט איך קוק אין ווײַט נאָך לאנג,—

אין ווײַט פון שטאָט, אין ווײַט פון צײַט,—ביז ס׳שמארצן שטיל
די ברעמען.
און ס׳שפאנט צום שוועל מײַנעם א נײַער ליבער טאָג,—
א הייסער, ווי א קאָמיוגיסטישע פּאָעמע,
א דרייסטער, ווי א בריגאדיר אפ העכסטן שטאָק.

1932 4|XII

## פרייד.

און ווי זאָל זיך א יונגער זינגענדיקער טאַטע
ניט מאכן נאריש,
ווי א פּיצל קינד,
ווען ס'זיצן שטיפעריש אף ביידע אָרעמס זײַנע,
ווי רויזן אופגעבליטע אף געזונטע צווײַגן,
אזעלכע טײַערע צוויי מוידן
מיט גרויסע שווארצע לאכנדיקע אויגן,
מיט באקן מאטעווע־פארויטלטע,
ווי אָנגעזוניקט־צארטע אבריקאָסן,
און מײַלער פרישע ראָזעווע,
ווי ערשטע אופשפּראָצן פון טוייקע באגינענס,
און ביידע קנײַפּן זיי דעם טאטן אין די באקן,
און ביידע לאכן און פארכלינען זיך
מיט שוימיקן שאמפּאן
פון ליכטיקן, פון זאָרגלאָזן געלעכטער.
און ביידע זיי צוזאמען איז
קוים־קוים פינף יאָר!

זאָגט דער טאטע צו דער עלטערער אף אָרעם לינקן:
— „דינקע,
דו מײַן גרויסע מויד!
אין דעם נאָוועמבער ווערסטו אלט שוין פיר!

וועסטו מיר א נאָוועמבערדיקע זײַן.
ביסט צופּיל מויד צו זײַן
א רויטער קאָמאַנדיר,
און האָסט ניט ליב באַפעלן.
און טוט א שימער נאָר אַמאָל
דער הייסער שײַן פון בלוט,
איז אַף די וויִעס דײַנע באַלד א טרער א העלע,
און ס'טאַנצט א פיבער אויס זיגזאַגן
אין דײַן קאָל...
און אַז די מאַמע דײַנע
שנײַדט זיך ווען א פינגער אײַן,
קושסטו איר די באַקן אויס,
און טוליעסט שטיל אַזוי ראַכמאָנעסדיק
איר גרויסן לאַכנדיקן קאָפּ
צום קלײנעם הערצעלע צו דײַנס,
און פליסטערסט מיט די ראָזע ליפּן־בליטן
אומבאַהאָלפן אין דײַן שפּאַניש:
— פּאָברעסיטאַ!..
און די שוואַרצע, גרויסע אויגן דײַנע
ווערן דאָפּלט־טיף און גרויס, —
וועסטו
א רויטע שוועסטער זײַן
און לינדערן צומאָל די וויי
פון דײַנע ברידער אין דער אַרגענטינער
רויטער זיגרײַכער אַרמײ!
ס'געפעלט דיר, וואָס איך זאָג,
נאָר קאָנסט ניט נאָכריידן?
כאַ־כאַ,
דו וועסט נאָך גאָר א יונגינקע דאַן זײַן —
די ייִנגסטע
און די שענסטע
רויטע שוועסטער — — —

— דינע!
און דו,
מײַן קלענערע,
לענינאַ,
דו קאָנסט נאָך רעכט אַף דײַנע פיסעלעך
ניט שטײן:
נאָך וויגט זיך אונטער דיר
דײַן יאָר דאָס אײנציקע
און קאָן דאָס גלײַכגעוויכט ניט אָנכאַפּן,
נאָך וויגסטו זיך,
מײַן ביימעלע מיט שוואַכע וואָרצעלעך;
דאָך ווי דײַנע פיסעלע דערפילט נאָר
באָדן אונטער זיך,
באַלד טופּעט עס
און טענצלט עס
און זינגט מיט אַלע אָדערלעך.
ועסטו,
מײַן קלײנטשינקע
לענינאַ,
זײַן אַ גרויסע
רויטע באַלערינע
און אויסטאַנצן
אַף סצענעס רייזיקע פון פאָלק־טעאַטערן
פאַר פרײַע ברידער
און פאַר שוועסטער אונגדזערע
די גרויסע פרייד
פון לעבן פון אָקטיאַבערשן
אַף ערד אָקטיאַבערשער —
אַף גאָרער פרײַער ערד!
און אין עקסטאַז
וועסטו אַראָפּטאַנצן
פון סצענע — און אין זאַל,

און נאָכדעם —
אפֿן גאַס! און ס׳וועט זיך אָנצינדן
מיט אומגעהערטן גלאַנץ
אַ מאַסנטאַנץ!
און דו — פּאַרויס.
די רויטע קליידער פֿלאַטערן,
ווי בליטן־בלעטער פֿון אַ ריזנרויז — — —
און יונגע וועלן מיטאַנצן מיט דיר,
און אַלטע וועלן טאַנצן מיטן האַרץ
און מיט די הענט,
און קינדער וועלן קוויטשענען פֿאַר פֿרייד,
אַזוי־ווי דו אַצינד,
ווען ס׳טופּעט אויס דײַן נאַרישער,
דײַן הויכער, בלייכער טאַטע,
מיט זײַנע פֿיס די אומגעלומפּערטע
זײַן ברויזנדיקע פֿרייד!

# איך מיט מײַנע קינדער.

שטיי איך מיר אמאָל אזוי אין שאָטן פון מײַן אָפּרו־שאָ
אפ פעלדער פון מײַן מיטנטאָג—
א שלאנקער טאָפּאָל־בוים,
וואָס ציט זיך צו דער שטראַלנדיקער הייך,—
און מײַנע פּיצלעך קינדער וואקסן לעבן מיר,
און פלעכטן זיך, ווי קלעטער־פלאנצן צוויי,
ארום מײַן שטאם.

ס'האָט איינס ארומגעקלאמערט זיך ארום מײַן פוס,
און איינס—ארום מײַן האלדז,
און ביידע לאכן איינס צום אנדערן,
און איך צו ביידע לאך,
און ביידע זיי—צו מיר.
דאָס גרעסערע פארײַסט דעם קאָפּ ארופ
און מאכט האווײַעלעך צום שוועסטערל אפ מײַנע הענט.

און ס'צאפּלט זיך דאָס קלענערע
אפ מײַנע הענט,
און טאנצט
מיט אלע אירע פולע ווייכע גלידערלעך,
און לאכט מיט שטילן קוויטש.

און ס'רינט דורך אַלע צווײַגן פֿונעם טאָפּאָל־בוים
די פֿרייד,
ווי ריטשקעלעך פֿון זיסער זאַפֿט,
און פֿליסט אַראָפּ,
און זעטיקט אָן מײַן וואָרצל־ערד —
און גרינער גרינט מײַן מיטטאָג־פֿעלד אַרום,
ווו כ'האָב דעם שטילן שאָרך פֿון וואַקסן מײַנס דערהערט
אין מילדן שאָטן פֿון אַן אָפּרו־שאָ.

און ס'קומט פֿון ערגעץ־ווו אַ ליד,
און זעצט זיך אין געצווײַג
און זינגט צום בוים אַזוי:
— אַ יאָר און צען, און צוויי מאָל צען —
עס האָט אַ ווערדע דען?
זיי קלינגען אָפּ, ווי אָט די טרעלן פֿון געזאַנג,
זיי קלינגען אָפּ.
און אָט דער קלעטער־פֿלאַנץ בײַ דײַנע פֿיס
וועט זיך אַרופֿדראַפּען נאָך העכער פֿון דײַן קאָפּ;
און אָט דער קלעטער־פֿלאַנץ אַרום דײַן האַלדז
וועט זיך אַראָפּלאָזן ביז דײַנע פֿיס.
און פּונקט ווי איצטער אַרום דיר,
וועט דעמלט אַרום זיי
זיך פֿלעכטן אַ געפֿלעכט
פֿון פּוכקע הענטעלעך און לאַכנדיקן קוויטש — —

און דיך, און דיך — דעם טאָפּאָל־בוים אין מיט —
וועט קוים אַרויסזען ווער
פֿון דײַן באַשאָטנטן פֿאַרנאַכט
אין זייער מיטנטאָג. — — —

*

פרומלען, דער מאמענ פונ מייַנע קינדער.

כ'בינ ניט פונ די, וואָס צערטלענ זייער טרויער,
ווי ס'לעקנ קראנקע הינט א בלוטנדיקע ווונד.
נאָר הייַנט האָט אָנגעקלאפּט א בענקשאפט אינ מייַנ טויער
אונ האָט מייַנ הארצ צערודערט ביזנ גרונט.

עס האָט געשפּילט מיט מיר א לינדער ווינט הייַנט,
אפ מייַנ געזיכט געלאָשנ שטערנדלעכ פונ שניי,—
אונ כ'האָב געטראכט פונ מייַנ פארוויטער קינדהייַט,
אונ כ'האָב געטראכט פונ מייַנע קינדער צוויי...

אינ שווארצנ לאנד, פונוואנענ כ'בינ געקומענ,
אינ רויזנ בלוטיקט איצט דער הונגער בא מייַנ טיר.
אונ ס'שרייַבט מייַנ כאווערטע: „די קינדער רייַסנ בלומענ
אינ פלעכטנ קרענצ—אונ היטנ זיי פאר דיר".

אונ כ'ווייס: די קרענצ, זיי וועלנ זיכ צעשיטנ—
אונ כ'וועל נאָכ לאנג נישט זענ די קינדער מייַנע צוויי.
נאָר כ'האָב אלציינס מיר הייַנט א שטיק רויט זייַד צעשניטנ
אפ האלדזטיכער אפ צוויי—פאר זיי...

און ווּ נאָר כ׳האָב געהערט א דינ געלעכטער,
און ווּ נאָר כ׳האָב געהערט, ווי ס׳זינגט א קינד,
האָט אלצ געדוכט—דאָס לאכנ מײַנע טעכטער
און זייער ליד צעשווימט עס אפנ ווינט.

און ווענ כ׳האָב זיך געלאָזט אהיימ אינ אָוונט־גרוי גיינ,
געלאָפנ זײַנענ זיי נאָך מיר מיט שמאָלע טריט...
און שפּעט באַנאכט מיט שטײַף־פארמאכטע אויגנ
האָב איך געלערנט זיי א פּיאָנעריש ליד———

# כ׳האָב אָפּטמאָל טעג אזעלכע טײַערע.

כאנעג

כ׳האָב אָפּטמאָל טעג אזעלכע טײַערע
מיט אויגן קינדערשע אין הארץ אין קלוגן...
ס׳גייט אוף א פרייד מיט טויזנט פײַערן
אין מילדן אָוונט פון מײַן יוגנט.

און ס׳שמעלצט דער בלײַ פון יעדער שווערקײַט,
און הויכט זיך אויס אין ווינטלעכע לינדע...
דאָס פרילינגט אין מײַן מיטליערקײַט
דער גרינער וווקס פון מײַנע קינדער.

דו קאָנסט מיך, קלאס, אין קאמפּ פאָרויסשיקן.
איך גיי מיט שטאָלצ אפ הויכן שטערן:
איך בין דאָך דרײַ אין גאנג אין רוישיקן—
איינ מיטליעריקער און צוויי פּיאָנערן..

און יאָרן קײַקלען זיך אין זונראָד פארביקן..
עך, ליד מײַנס, בייג זיך ניט אין פײַן אומזיסטן:
איך טרעף מײַן זומער־סאָפּ אין פעלד אין גארביקן
מיט מײַ פון אייגענע צוויי קאָמיוגיסטן!..

כ׳האָב אָפּטמאָל טעג אזעלכע טײַערע...
מײַן ווילע כאווערטע, איר קאָנט עס פילן:
ס׳איז רײַפער זומערבלוי אין אויגן אײַערע,
און קינדער שפּילן זיך בא אײַך אפ דילן.

## אין גאָרטן.

א באנק. צוויי אלטע לײַט מיט ברייטע סיווע בערד.
אין מידע אויגן—מילדער שטילער אומעט.
... ווי גאָלדנע עפּל, פאלן אפ דער ערד
די איבערײַפע לעצטע טעג פון זומער.

עס שעפּטשען שמייכלענדיק די אלטע לײַט
און קלאפן ליולקעס אויס אָן באנק אָן גרינער,
און קוקן שטאר און ווײַט, און זעען אין דער ווײַט
די טעג, וואָס וועלן זײַן—און זיי שוין ניט געפינען...

איין אלטער אפן זאמד מיט שטעקן צייכנט שטיל
א דיקן שטריך—פירט אונטער די כעזשבוינעס?..—
נאָר אייניקלעך, פארהאָוועטע אין שפּיל,
זיי לויפן צו און שטערן די ראַיוינעס *).

זיי זעצן רוען זיך א ווײַלע אפ דער באנק.
בא יעדן יידנס זײַט—א רויטער האלדזטוך.
בא יעדן יידנס זײַט—פּיאָנערישער געזאנג...
א ברייטער שטראל אפ בלאָנדע קעפּ פארהאלט זיך...

איין זיידע אומבאמערקט זינגט נאָך ס'פּיאָנעריש ליד,
זינגט שטיל און קיל מיט קאָל מיט אויסגעבערענטן...
... אָנטקעגן שטייט א ברעט מיט ציפער־גאנג פון שניט,
און ס'קעמפן געגנטן פאר העכערע פראָצענטן.

*) ראַיוינעס—געראנקען.

*

דער זומער איז לאַנג שוין אין גאָלד אויסגעגאַנגען,
נאָר טעג מײַנע שטייען שוין ווידער אין צוויט...
כ׳וואָלט גערן דײַן בילד אף מײַן וואַנט אופגעהאַנגען
אַזויווי עס הענגט אף די ווענט פון מײַן ליד.

און וועט עמעץ פרעגן:—וואָס איז דאָס פאַר איינע,
וואָס ד׳האָסט צווישן פ י ר ע ר באַוועצט אינדערמיט?—
כ׳וועל זאָגן:—אַ שלאָגלערן איז זי, די קליינע,
בײַ זיך אין זאַוואָד און באַם קוואַל פון מײַן ליד.

# ל י כ ט.

1

נישטאָ דעם גאנצנ אָוונט הייַנט קיינ לֿיכט,
איז בלֿינד אונ אומהיימלֿעכ מייַנ קלֿיינער צימער.
אונ גראָד ביסטו געקומענ אומגעריכט,
ווי ס'קומט אינ הארצ אמאָלֿ א צאפלֿדיק געדיכט,
ווי ס'טויכט א ניגנ אופ פונ טיפעניש אינטימער...

איכ האָב אפ פענצטער מייַנס דאָס פירהענגלֿ צערוקט—
אונ ס'רינט אינ צימער שטילֿ דער ווינטערדיקער אָוונט,
ווי שיטער מילֿכ פונ א באיאָרטנ קרוג ..
אונ ס'רינט א שטילֿער שייַנ פונ דייַנ פארטראכטנ קוק—
אונ ווערט צעלֿאָזט אינ טונקלֿ־גראָוונ.

כ'וואָלֿט הייַנט, מייַנ פרייַנט, געלֿייענט דיר מיט פרייד,
געטריפט אפ דייַנ געמיט מיט שארפער זאפט פונ פערזנ,
אונ דיכ באשיט מיט צוויט פונ זינגענדיקע רייד...
נאָר—זעסט דאָכ: ס'טאפט מייַנ צימער בלֿינדערהייט,
אונ לֿייענענ דיר אויסווייניק ט'מיר שווער זייַנ.

כ'געדענק ניט אלֿצ, אונ כ'האָב אסאכ פאריכט!—
מייַנ לֿאנד דארפ ערלֿעכע אונ גוטגעמאכטע לֿידער,
אונ כ'ארבעט איצט אסאכ, אונ בינ גאנצ שטרענג צו זיכ...
איז גיב דייַנ האנט, אונ לֿאָמיר ריידנ וועגנ לֿיכט,
אונ עפּשער וועט דערווייַלֿ זיכ לֿיכט באווייַזנ ווידער.

## 2

איך יאָג מיך לאַנג שוין נישט
נאָך ליכט סימוואָלישן
מיט בלייכער בענקעניש
אפ מײַן געזיכט, —
אין יונגן לאַנד פון שטאַם
פון קאָמסאָמאָלישן
קאָנקרעט דאָס לעבן איז,
קאָנקרעט דאָס ליכט.

זאָל שעפּן כאָלעם־ליכט
דער מידער קליינבירגער
מיט זײַן צעבראָכענעם
געמיט־געפּעס...
מײַן לאַנד באַפוילן האָט —
און טײַך, און שטיין־בערגער
געבעאָרן האָבן ראַש
א דניעפּראָהעס!

נישטאָ אין לאַנד בא אונדז
שוין מער קיין גוויר־טישן,
וואָס פלעגן אופרעסן
דאָס ביסל שײַן...

אין שטאָט, אין שטעטעלע,
אפ פעלד קאָלווירטישן
איליטשעס לעמפּל ברענט
און לײַכט דעם היינט!..

און אויב ס׳איז פינצטער נאָך
בא מיר אין קאַמער ווען,
און אויב ס׳איז פינצטער נאָך

אמאָל אין שטאָט—
איז שטארקער אָנדריקנ,
נישט לאָזנ האמעוועג
דעמ סאָציִאָליסטישנ
דינאמאָ־ראָד!..

3

אונ דאָס ליכט אינ די אויגנ בײַ דיר,
וואָס איכ האָב אזוי ליב,
אונ דאָס ליכטיקע גלויביקע וואָרט
אפנ ראָז פונ דײַנ ליפּ,
ווענ דו רעדסט פונעמ לענינשנ וואָר
אזוי פּאָשעט אונ קלאָר—
איז עס דענ נישט דאָס עכטע, דאָס עמעסע
ליכט פונ מײַנ דאָר?

אונ דאָס ליכט אינ דעמ ליד, וואָס דו זינגסט
פאר די קינדער אינ קלאס,
ווענ דו לערנסט זיי קלאסנ־פארשטאנד
דורכ שפּיל אונ דורכ שפּאס,
אונ גייסט אינ א ראָד מיט די קליינע באנאנד,
אונ פירסט זיי מיט ליכטיקער האנט—
איז עס דענ נישט דאָס עכטע, דאָס עמעסע
ליכט פונ מײַנ לאנד?

אונ דײַנ טרײַער בילעט פונ קאָמיוג
(וואָס קאָנ ליכטיקער זײַנ!),
וועלכער פלייצט אפ פּאָרויסיקער ווײַט
מיט פּראָזשעקטערשנ שײַנ,

וואָס צינדט אָן און צעגליט און באַנייט,
און דערהייבט און באַפרייט—
איז עס דען ניט דאָס עכטע, דאָס עמעסע
ליכט פון מײַן צײַט?

דײַן שטײַפע ברוינע האַנט—אין מײַנער,
דײַן קאָפּ אַף אַקסל מײַנעם רוט,
און כ'הער דעם הייסן האַרצן דײַנעם,
און כ'הער, ווי ס'זינגט דײַן יונגע בלוט.

און כ'זע, כאָטש פינצטער נאָך אין שטוב איז,
ווי ס'לײַכט זיך רו אַף דײַן געזיכט—
און כ'טראַכט, ווי יונג דאָס לאַנד און דו ביסט,
און כ'טראַכט, אַ ליכטיקער, פון ליכט...

# לידער פאר איר.

1

מ'האָט נעכטן שוין פּרעמירט צום דריטן מאָל
די קליינע דײַנע שטײַפע ברוינע הענט,—
און עפּעס נענטער קלינגט מיר הײַנט דײַן קאָל,
און עפּעס ליבער קוקן אַלע ווענט...

כ'וואָלט שווערן: כ'האָב הײַנט אומעטום דערקענט
אין בלוטלויף פון מײַן לאַנד דײַן יונגן פּולס...
איז גלעט איך זיי, די שטײַפע ברוינע הענט,
און ס'כוואַליעט זיך מיט פרייד מײַן הארץ אַ פּולס.

2

ביסט מיד, מײַן יונגער פרײַנד?
איך ווייס: האָסט אים אוועקגעגעבן הײַנט
אַ יאַמ ענערגיע.
דו לאַכסט:
„—אוואַדע טויזנט קילאָוואַט!"
און ביסט צו מיר געקומען מאַט.
נו, לייג אוועק דעם קאָפּ צו מיר און רו,
און הער, ווי ס'זינגט דער רויש פון אונדזער שטאָט...
דו זעסט, איך בין ניט אײפערזיכטיק, ניין.
איך האָב אים אויך דאָך ליב, אַזויווי דו—
דײַן רוישיקן זאַוואָד!

דו שמייכלסט ליב
מיט מידער צערטלעכקייט אין אויג.
נו, גיב
דײַן קליינע שטײַפע האַנט,

וואָס זינגט מיט יעדן שטילן פינגער־בויג...
כ׳וועל לייענען—און הער: ס׳איז היינט פאראַן
אין „יונגע־גווארדיע״ אסאך אינטערעסאנטס
פון ברויטפארגרייט,
פון „ציוט״ *),

פון סוינעס ווילדן טאנץ
באם ראנד פון טאָג זיינעם,
וואָס שווארץ פארגייט...
און זאָג מיר, צי ס׳איז גוט,
צי ס׳קלינגט
דאָס ליד, וואָס זינגט
פון איינער... נו, א שלאָגלערן,
אזא־ווי דו...

דו דריקסט זיך פעסטער צו?
דערקענסט אין יעדן וואָרט אן אלטבאקאנטע האנט?
נו, יאָ,
דאָס ליד איז מיינס,
ווי דו
און ווי מיין לאנד...

*) „ציוט״ — צווישנפעלקערלעכער יוגנט־טאָג.

## שטאָל און סאַמעט.

כ׳דערמאַן דיך אָפט,
און יעדן מאָל
צוגלייַך מיט דיר דערמאַנט זיך מיר
מייַן מאַמע,—
דו האָסט איך האַרץ מייַנעם צום האַרטן שטאָל
דערטראָגן דינעם צאַרטן סאַמעט...

כ׳דערפיל אַמאָל,
ווי בלומענשטויב,
דעם דופט פון דייַנע האָר
אַף מייַנע פינגער;
און אַף מייַן ליד, ווי ס׳לייַכט באַגינען אַף אַ שויב,
לייַכט אָפט דייַן מונטערקייַט די גרינגע.

נאָר כ׳ווייס—
און כ׳טראַכט פון דעם מיט פרייד,
ווי ערעוו־פרילינג טראַכט אַ וואַלד
פון שטורעם —
אַז אונטער סאַמעט דייַנעם שטילערהייט
פאַרמאָגסטו אויך פאַרגליטע גוורע...

און נישט נאָר ליכט—
פארמאָגסט אויך פלאַם
און שווערד פון האס, ס'זאָל נאָר
דער קאמפ א רופ טון...
געהערןביידע מיר דאָך צו איין שטאם,
צום באָלשעוויסטישן, געפּרוווטן!

*

עס זײַנען דײַנע שפּורן פֿריש נאָך, פֿריש:
אַ טריט אָ־דע־קאָלאָן אין אָטעם פֿון מײַן צימער,
אַ העלער טריט פֿון פּודער אויפֿן טיש,
פֿון שטילע רייד אין אָפּקלאַנג אין אינטימער...

כ׳האָב הײַנט אַ גאַנצן טאָג געטראָגן אין מײַן טיף
אַ קאַמף־ליד שאַרף, ווי ס׳איז אַ שווערד אַ טרײַער.
איצט זיץ איך בײַ מײַן טיש און קוק אויף העלן טריט,
און הער דײַן קול, וואָס זינגט אין שטילן פֿײַער...

און כ׳זוך אומזיסט אַ וואָרט, ווי אַ פֿאַרסאַמטן פֿײַל,
אויף שלײַדערן אין האַרץ דעם כוצפּעדיקן סוינע.
איך זיץ בײַם טיש, און ס׳גייען ווײַל נאָך ווײַל
און ריידן, דוכט זיך, שטיל מיט ווערטער צערטלעכע אַזוינע...

פֿאַרפֿאַלן. כ׳קאָן נישט זײַן שוין הײַנט מער בייז.
דאָך וועל איך אונדזער פֿײַנט קיין קויל נישט שולדיק בלײַבן:
איך וועל מײַן גאַנצע צאַרטקייט, ליבע און הייס,
אין לידער פֿאַר די פֿרײַנט צוזאַמענקלײַבן...

# צו א כאוועטע.

איך ווייס:
ווען ס׳גליִען אוף מיט בלוטנדיקער טײַנע
די שניטן פון די אָפּגעהאַקטע קניפּ
אין הארץ בא דיר, מײַנע שווײַגנדיקער פרײַנט,
דאן האָסטו אים ביז שארפסטן ווייטעק פײַנט,
דאן האָסטו אים ביז צארטסטן פיבער ליב,
דעם טאטן פון די קינדער דײַנע.

און כ׳ווייס:
אין הייסער אומרויִקער נאכט אין בלינדער,
ווען עלנט רינט אין שווארצע ריטשקעס פון די
ווענט,
און בעטסט אומזיסט באם דינסטן שלאָפשאָטן:
„פארבלײַב!"
דערפילסטו אים אין יעדן ציטער פון דײַן לײַב
און ציסט אים צו, און שטויסט אים אָפּ מיט הייסע
הענט,
דעם טאטן פון די קינדער...

נאָר כ׳ווייס:
קיין סינע-שטויב וועט קיינמאָל נישט פארווייען
אפּ קינדער דײַנע פון דײַן ציטערדיקער ליפּ:
אפּ רויטע פאָנען גליִען דײַנע טעג,
און אונטער קינדער-פיס דו שפרייטסט דעמזועלבן
וועג,
איז מוזן זיי דאָך, דארפן האָבן ליב
די גייער פון די ערשטע רייען — —

# און דאָך...

האָסט היינט מיך פיינט געהאַט: דיין בליק האָט מיך געמיטן,
און בייזקייט האָט געדריקט א ווינקל פון דיין ליפּ,
ס'קאָן זיין: האָסט היינט מיט שטיפער האַנט געשניטן
די בלוטיקע פאַרקרעמפּעוועטע קניפּ...
און דאָך... אין שאַרפסטן האַס וועסטו מיך האָבן ליב!

און איך וועל אויך אין שאַרפסטן האַס דיך ליבן,
און דאַן גראָד, ווען דו האָסט אין פרעמדקייט זיך פאַרמאַכט,
האָב איך פאַר אָט דעם ליד די ווערטער שוין געקליבן,
און ס'האַרץ מיינס, ווי א קינד, האָט וויינענדיק געלאַכט:
— א טייער לאַנד בא אונדז! — האָב איך געטראַכט.

און אונדזער צייט, די ליכטיקע און האַרבע,
האָט שטרענג און מילד דאָס לעבן דורכגעשיינט,
איז שטייען מיר דאָך אַלע בא איין אַרבעט
און הייבן אויף דעם מאָרגן אָפן היינט, —
איז קאָן איין האַנט איר צווייטע האָבן פיינט?

און אַז איך וועל א שלאָגלערקע באַזינגען,
וועל איך דען אויסמיידן דעם ריטם פון מיין טריט?..
און וועסט ניט זאָרגן דען, ס'זאָל ריכטיק קלינגען
מיין ליד אין שול בא דיר מיט ליבע און געניט, —
עס איז דאָך אונדזערס, א סאָוועטיש ליד...

און וואָס, אז דו האָסט היינט מיך נישט געליטן
און מיט פארדראָס דערמאָנט דעם פיבער פון מיין ליפּ,
און שווייגנדיק, מיט שטיקער הארץ געשניטן
די בלוטיקע פארקרעמפּעווטע קניפּ —
אלצײנס: אין שאַרפסטן האס ווערסטו מיך האָבן ליב...

## מײַן שאָכנטע די גריכן.

א בירגערלעכער דיכטער וואָלט אפ איר געזאָגט:
„אַן עכט־העלענישע סקולפּטור!
ס׳אַרא פיגור!
אָ, הענט! אָ, פיס! געטאָקט, געטאָקט, געטאָקט!
כאָטש שיק זי אָפּ אינ א פּאַריזשער קלייט פונ מאָדעס!"
אונ וואָלט איר אינ העקזאַמעטער געשריבנ אָדעס.

אונ זי—
ווענ וואָלט זי בעלייענט?—כ׳ווייס ניט.
זי גייט אוועק פונ שטוב מיט פריסטנ פרי
אונ קומט צוריק,
ווענ ס׳קערט זיכ איבער נאכט,
אפ צווייטער זײַט.
אונ וואָלט זי יאָ פונ טאָג אירנ ארויסגעפליקט
א שטיקל צײַט,
אונ דורכגעלייענט זיי, וואָלט זי נישט לאַנג געטראַכט—
אונ הילכיק זיכ צעלאַכט.

באַטאָג—
אינ א זאַוואָד זי טאָקט, זי טאָקט, זי טאָקט...
באַנאַכט—
אינ ווּז בא ביכער אפ דער וואַכ,

און דער קאָמיוגישער בילעט
לויפט מיט אין בויענדיקן סאַצגעוועט,
און איילט אף זיצונגען און אף פאַרזאַמלונגען
ביז שפּעט...

כ'האָב נעכטן ערשט זי, לאַכנדיק, געטאָן א פרעג:
—„די גרויסע לאַנדסלייט דיינע קענסט אוואדע?..
האָמער...
פינדאר...
אריסטאָפאן...
דו לייענסט אין אָריגינאַל „איליאדע"?
און הערעדאָטס געשיכטע איז בא דיר פאַראן?"
זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט ווילדן וווּנדער,
ווי כ'וואָלט ארויס פון א פאַרגעסענעם יאָרהונדערט...

—„דו קענסט זיי ווייניקער פון מיר?
טאָ וועמען ווייסטו יאָ
פון שיינעם לאַנד דיינעם דעם לעגענדארן?"
צעלאַכט זי זיך—און שטילע שפּעטע שאָ
צעקלינגט זיך העל מיט הילכיקייט מיט יונגער:
—„כ'קאָן זאָגן דיר, פיל פויערים עס דאַרן
בא מיר אין לאַנד און ציִען אויס
די פיס פאַר הונגער;
כ'קען ווייניק וועגן פון מילאָס,
כ'קאָן אָבער זאָגן דיר,
פיל ארבעטער ס'האָט וועניזילאָס
אין טפּיסע איינגעשפּארט — א שווידערלעכע צאָל!
און כ'קאָן אויך זאָגן דיר,
ווי ס'וואַקסט אין גריכנלאַנד דער קאָמסאָמאָל...

## פון אָוונט האָט גערעגנט.

...פון אָוונט האָבּן טונקל־גרויע בערג
געשוימענע רוקן זיך אויף הימלס אַלע וועגן,
דערנאָך האָט האָריזאָנט,
א שוואַרצער שוין,
געראַנגלט זיך אין בליצן־פייערווערק,
און שטילער ווינט האָט נישט געקאָנט
אוועקטרייבּן דעם רעגן.

באַם פענצטער מיינעם,
אויפן פערטן שטאָק,
מיר זיינען זאָלבּעצווייט געשטאַנען—
מיין יונגער פריינט, דער קאָמיוניסט,
און איך.

האָט ער פאַרטראַכט געזאָגט:
—„ווען כ׳וואָלט געקאָנט,
פאַרשטאָפּ איך איצט פון הימל אַלע קראַנען
און צינד צוריק אָן בּלויע ליכט
אין האָריזאָנט...

עס טאָר קיין רעגן איצט נישט גיין!
איר זעט?

אנטקעגנ דאָ אינ הויף א נײַע שטוב מע בויט,
אונ ס׳דארפ ביז שפעט הײַנט ארבעטנ דאָ
אונדזערע א בריגאדע.
אונ אפ די פעלדער איז נאָכ דאָ אזויפיל ברויט!
מיר דארפנ איצט, ווי לופט, כאָטש נאָכ א פּאָר
העל־טרוקענע דעקאדעס!
מיר דארפנ ברויט אונ דירעס איצט וואָס מער,
דעמ סאָציאַליזמ צו באַזעצנ, אונ דערנערנ״...
צעשמייכלט זיכ מײַנ יונגער פרײַנט,
אונ כ׳הער,
ווי אפנ בלעכ פונ נאָענטנ דאכ מיט שטילנ בריאזג
זיכ שיטנ קליינע גרויע וואסערדיקע שטערנ.

איכ קוק מײַנ פרײַנט אינ בליק—
עס גליט דאָרט א פארדרוס.
אונ כ׳ווייס: עס האָט מײַנ פרײַנט
נאָכ נישט אינגאנצנ זיכ צעעפנט—
כוצ ברויט אונ בויונגענ, נאָגט נאָכ עפּעס אינ ברוסט:
אינ רעגנגוס
וועט ער זײַנ קאָמיוגיסטקע הײַנט ניט טרעפנ!

איז זאָג איכ לאכנדיק:
— „נו, מיילע, מאָרגנ וועט איר
זיכ טרעפנ פריִער
אונ געזעגענענ זיכ שפּעטער—
נישט אלעמאָל וועט גיינ דאָכ אָט דער רעגנ!״
ער קוקט מיכ אָנ א ביסעלע פארלעגנ
אונ פארשעמט—
אונ שפּיליעט שנעל דאָס קאָלנערל פונ העמד...

## „סיבּיריאַקאָוו“.

דורכ גרויער אַרקטיקע,
אינ אײַז פאַרקייטיקטער,
דורכ קורצ געוואַקסענע,
צעקראַמפּטע טעג;
דורכ נעכט צעווייעטע,
ווי וועלפ צעווייטעקטע,
מיר האָבּנ דורכגעלייגט—
אַ דרייסטנ וועג!

ס׳וועט דאָר נאָכ דאָר פאַרגיינ—
נאָר ס׳וועט נאָכ זינגענ ווער
פונ רויטנ אײַזבּרעכער
אַפ כמורנ גראָוו...
פונ בּרעגנ מורמאַנער
בּיז פלוס בּערינגאָווער
האָט אונדזער פאָנ געפירט
„סיבּיריאַקאָוו“.

האָט אונדזער פאָנ דערפירט
אונ אונדזער בּוי־באַפעל,
אונ אונדזער הייסע האַנט,
אונ אונדזער פרייד,—

ס'האָט גישט א יאמ־פּיראצ —
א זשעדנע רויבער-פּעל,
אינ נײַע געגנטנ
געבּראכט א קײט, —

נאָר א סאָוועטישער
מאטראָס, א ליכטיקער,
האָט פריד אונ פרײד געפירט
דורכ נאכט אונ אײַז.

מיט דרײסטקײַט עפּישער
געבּראכט געשיכטע־קער,
געבּראכט אָקטיאבּער־ווענד
אינ װײַסנ קרײַז...

## מיר איז גוט.

ס'איז הײַנט דער הימל אזוי בלויער,
און הייס, און זאַפטיק איז מײַן בלוט,
און טוט מיך ווען א שטאָך א טרויער,
איז נאָר דערפאר, ווײַל ס'איז מיר גוט...

און ס'איז מײַן יעדע שאָ מיר טײַער,
און ס'טוט מיר באנק, וואָס זי פארגייט—
כ'וואָלט וועלן אייביק זײַן באם פײַער
פון מײַן דערגרייכטער גרויסער פרייד!

כ'האָב פרייד געהאט אין לעבן ווייניק,
ווי ווייניק זון עס האָט פארמאָגט
די קעלער־שטוב, ווו בלייך און בייניק
עס איז ארײַן מײַן ערשטער טאָג...

מײַן יוגנט—א פארפלוכטער שפינדל
מיט פאָדעמ פאר א שווארצער פאָן...
און ס'האָט פאר פײַן דער קאָפּ געשווינדלט,
ווי אינעם דאמפ פון סאמאָהאָן...

כ'האָב אלעמאָל אין גרויען עלנט
געטוליעט זיך צו פרעמדער וואנט,
געקוקט מיט ווײי אף פרעמדע שוועלן...
און איצט פארמאָג איך אזא לאנד!

און איצט פאַרמאָג איך אזא צוקונפט,
און שווארצער נעכטן—מער נישטאָ— — —
ווי זאָל פאר פרייד דאָס הארץ נישט צוקן
אמאָל אין א סאכאקל־שאָ?..

איז וואָס־זשע, פרײַנט, איז דאָ דער וואונדער,
וואָס ס׳טוט אמאָל א שטאָך א וויי?—
עס איז צו קורץ מיר א יאָרהונדערט,
און כ׳וועל נישט לעבן דאָך קיין צוויי...

פארדריסט מיר ווען א האָר א גרויע,
א מידע הארבסטיקע מינוט— — —
און ס׳איז מיר ליב מײַן קורצער טרויער,
וואָס קומט דערפון, ווײַל ס׳איז מיר גוט.

## אפן שוועל פון אינדערפרי

עס טאָגט.
אין שווארצע טויבע שויבן מײַנע רינט
א דינע ריטשקעלע פון קילן שטילן גרוי.
און הינטער ווענטל מײַנעם וועקט זיך וויינענדיק א קינד,
און ס׳שטילט עס אײַן, מיט ברוסט מיט ווארעמער א פרוי,
און ווי א גרויסע גרויע אומרויִקע פליג,
א פרימוס—הער איך—זשומעט הינטער וואנט.
און כ׳ווייס: אין יעדן צימער ווארט אצינד
אפ טיי א כאווערטע, א כאווער מײַנער.—כ׳ווייס!—
און ס׳ווארט אפ זיי א לאנד...

מיט קורצן סקריפ צעפראלט זיך נאָנט א טיר.
עס טאָגט, עס טראָגט מיט פרישקײַט אין דער לופט.
און ב׳טראכט—

עס ווארט דאָס לאַנד דאָך אויך אַף מיר,
און אויך צו מיר איז דער סירענעדיקער רוף.

איך האָב געאַרבעט היינט א גאַנצע נאַכט
אַף פעלדער פון מיין ליד,
מיט פרייד און זאָרג געזאַמלט רייכן שניט—
און ס'שטייט אין שלאַנקע שורעס איצט
מיין זינגענדיקע מי.

און איך בין מיד,
און לאָז דעם קאָפּ אַראָפּ פאַרטראַכט,
און רו אַזוי אַף קילן שוועל פון אינדערפרי—
איך האָב געאַרבעט היינט א גאַנצע נאַכט.

— — — — — — — — — — — — —

עס גיסט זיך בלוי אין גרוי אַלץ מער און מער.
א דינער ראַנד פון האָריזאָנט
צעגאָלדיקט זיך מיט צאַרטן בלאַנד,
און איך זיץ מיד אַף קילן שוועל פון אינדערפרי
און הער,
ווי ס'גייט אין ריי מיין זינגענדיקע מי,
און כ'טראַכט פון לאַנד מיינעם,
וואָס צאָלט און מאָנט—
און איך וואָלט אַזוי געוואָלט,
אַזוי געוואָלט,
עס זאָל מיין ליד אים נאָכגיין טריט און טריט,
דעם נייעם טאָג אַף אונדזער ערד—
און זיין אים ווערט!

# אינהאַלט

## I. בריקן



## II. צווישן נעכטן און מאָרגן



## III. „Вечерний звон“ (סאַטירע)

## IV. אומעטום

## V. מיט מײַן קלאַס